
שלוימע דאווידמאן
קינדער פון
ניו-יארק
פארלאג צעשינסקי
שיקאגא-1936

שלוימע דאווידמאן

# קינדער פון ניו-יארק



פאַרלאַג מ. צעשינסקי, שיקאַגאָ, 1936

● הילע געצייכנט פון מ. ציפאָרין ●



M. CESHINSKY, PUBLISHER
2720 W. Division St., Chicago, Ill.



576

י. עדעלסאָן דרוקעריי, 812 וו. וואַן ביורען גאַס, שיקאַגאָ, איל.

# געזאַמלטע שריפטן פון שלוימע דאווידמאַן

ערשטע זאַמלונג:

## וואָס די גאַס דערציילט.

צווייטע זאַמלונג:

## קינדער פון ניו-יאָרק.

אויטאָרס אויסגאַבע

### אינהאַלט פון קאַפּיטלען:

# וואו איז פאפע?

.1

די לאנגע שערענגע שווארצע אטאמאבילן האט זיך געצויגן איבער גאסן און עוועניוס צום גרויסן פעלד מיט שטיינער — ווי גרויע רייעןביימער. די אויסגעקריצטע צייכנס, נעמען פון אמאליקע לעבנס, מאנען און שרעקן. ווייסן דאס די געניטע מאשינען־טרייבער, פארן זיי פאמעלאך. זאלן די פארבליבענע, דעם טויטנס אייגענע, נאך האפן.

מירע איז געזעסן מיט אן ארומגעבונדענעם שטערן, ער זאל זיך ניט שפאלטן. זי האט זיך געווארגן מיט טרערן, געבראכן די הענט און אלעמאל ארויסגעפלאצט אין א היסטערישן קוויטשגעוויין. אין א ווינקל פון איר מויעד האט געהאלטן באם געזעגענען זיך א געדאנק: „א וואונדער וועט עפשער געשען?‟ און א צווייטער געדאנק האט זיך אריינגעבויערט: „ווי אזוי וועט זי דערציען איר קינד?‟

צוויי פריינט האבן מיט זייערע הענט געשלאסן מירען איןביידע זייטן, זי געגלעט און געטרייסט: „לאזט זיך ניט אפ, פארלירט זיך ניט. מאריס איז געפאלן א קארבן. א בראווער העלד‟. אלעמאל האבן זיי ארויסגעקוקט דורך די פענצטערלעך פון אטאמאביל, אונטערגעטריבן די צייט.

2.

דער טייל ערד האט זיך אוועקגעקערט פון דער זון און זיך געוויקלט אין אייגענער פינצטערניש. גרויסע געדיכטע שווארצע פליאכעס האבן זיך געוועבט ארום די פענצטער פון מירעס הויז. מירע איז געלעגן אין בעט, אין די קליידער און שיך. ליא, א שמוציקער, א פארוויינטער, האט שווער געאטעמט אין דער מאמעס ברוסט. מירע האט געדריקט ליאן צו זיך און געציילט די זיפצן.

די ערשטע שטראַלן פון דער זון האָבן מירען אַראָפּגעצויגן פון געלעגער. שטיל, זאָל איר קינד שלאָפן. זי האָט ליאַן אַ קוש אויפן שטערן צוגערירט און מיט פיינגלשע טריט הינטער זיך צוגע־מאַכט די טיר פון שלאָף־צימער. אַ פּאָר מינוטן האָט זי נאָך געהאַלטן די פינגער בײַ דער קליאַמקע, דעם אויער אָנגעשטרענגט צו הערן ליאַס לייכטן כראָפּ.

אירע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער די בילדער, פאָטאָגראַ־פיעס אויף די ווענט און זיך אַריינגעשאַרפט אין מאַריסעס פּאָרטרעט. אויף ביינעזישע שפּיצפינגער־גענג האָט זי זיך צוגעיאָגט צום קאָמאָד, אויסגעשטרעקט די האַנט, אַראָפּגעטשעפּעט זיין בילד פון וואַנט, און פּאָר דעם איר קאָפּ געבויגן. זי האָט געקושט דורכן גלאָז דעם גרויסן ווייסן שטערן, געווייקט אירע טרערן אין די שאַרפע גרויסע אויגן, זיך געשפּילט מיט די וואָנצעס און געקניידלט און געפלאָכטן זיין געדיכטן העל־בלאָנדן קאָפּ־האָר. זי האָט איר קאָפּ אויפגעהויבן און אַ פּאָר סעקונדן געטראַכט: ,,פאַרבאַהאַלטן דעם פּאָרטרעט. זאָל ליאַ פאַרגעסן אַז אים?"

דריי מאָל האָט זי אַריינגעלייגט מאַריסעס פּאָרטרעט אין שופלאָד און אים אַרויסגענומען. דאָס מעבל האָט זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען. די ווענט האָבן זיך גענומען שאָקלען, וואַקלען. די בילדער זיינען געוואָרן רירעוודיק־באַוועגלעכע. איר קאָפּ איז איר געוואָרן שווער, האָט זי זיך אויף אַ בענקל אַראָפּגעלאָזט און דעם קאָפּ אויפן טיש אָנגעלייגט.

3.

מירע האָט אויף גיך פאַרקויפט איר מעבל און איבעריקע זאַכן. זי האָט גענומען אַ צימער פאַר זיך און ליאַן איז אַן אַנדער געגנט.

ליאַ האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער פּאַפּע איז אוועקגעפאָרן אין אַ שוואַרצן אָטאָמאָביל, פאַרוואָס די מאַמע אַנטלויפט אַלע אינדערפרי ערגעץ, ווערט פאַרפאַלן אויף אַ גאַנצן טאָג און קומט ערשט פאַרנאַכט אַהיים אַזאַ מידע, אַזאַ פאַרמאַ־טערטע.

מירע מיט ליאַן עסן אָפּ שטיל אין קיך, די באַלעבאָסטע פון הויז זאָל ניט ברויגעס ווערן. זיי וואַשן זיך אָרום און גייען אויף אַ קורצן שפּאַציר.

גייט זיך אַזוי ליאַ. זיין האַנט אָנגעשלאָסן אַן דער מאַמעס.

קוקט אַף יעדער זאַך מיט נייגער און שטעלט אַלעמאָל קלאָץ־קאַשעס. מירע ענטפערט אים בייזלעך, ווייל ער צעשלאָגט איר די געדאַנקען. ווערט ליאַ דערשראָקן, זיינע אייגעלעך ווילן לאָזן טרערן. באַמערקט עס די מאַמע. האָט זי כּאַראַטע, גלעט אים זיין קעפּל און מאַכט אים קלאָר אייניקע זאַכן אַף דער גאַס.

זיי זעצן זיך אַוועק אַף אַ באַנק אין נאָענטן פּאַרק. ליאַ שפּרינגט און שפּילט זיך, פּלוידערט אַן אַ וועלט מיט זאַכן, וואָס ער הערט זיך אַן אין שול און אַף דער גאַס. מירע קוקט אַף אים מיט אַ שמייכל און פרעגט זיינע אויגן: „וועט אויסוואַקסן פון דיר אַ מאָרים?" ליאַ ווערט מיד, זעצט ער זיך צו און פרעגט זיין מאַ־מען: „אַלע זאָגן, אַז פּאַפּע איז געשטאָרבן, פאַרוואָס זאָגסטו אַז פּאַפּע איז אַוועקגעפאָרן?"

„פּאַפּע איז אַוועק", ווישט זיך מירע די אויגן.

„וואָס ווייסטו, מאַמע? ווען איך פרעג דיר וואו פּאַפּע איז, ווייסטו."

„ניין, איך ווייס ניט. קום, מיין קינד, מען דאַרף מאָרגן אויפשטיין צו דער אַרבעט".

„אַ גאַנצן טאָג אַרבעטסטו, איך וויל ניט."

„דו וועסט ווערן אַ גרויסער, וועסטו אַרבעטן און איך ניט."

אַ מידער פון אַרומלויפן און קאָמאַנדעווען, אַ פּאַרטראַכטער פון דער מאַמעס לעצטע ווערטער, שלעפּט זיך ליאַ נאָך זיין מאַמען און פאַנטאַזירט אויס אין זיין מויעכל: „ער ווערט אַ גרויסער, ווי זיין פאָטער, קומט אַהיים פון דער אַרבעט אַ פאַרשמירטער, מיט אַ קעסטל אין האַנט. אין קעסטל ליגט אַ האַמער, אַ זעגל, אַ דאָלעטע, אַ העבל און אַנדערע אינסטרומענטן. ער וואַשט זיך אָרום. די מאַמע דערלאַנגט אים עסן מיט אַ שמייכל. דערנאָך פאַרויכערט ער און לייענט אַ צייטונג, אַמאָל וועט ער ערגעץ אַוועק־גיין, וואוהין זיין פּאַפּע פלעגט גיין. אַמאָל וועלן קומען צו אים פריינט. ער וועט זיי דערציילן עפּעס און וועט מאַכן מיט די הענט און זיך אַמפּערן און קריגן, ווי זיין פּאַפּע."

„אָבער ווען וועל איך ווערן אַ גרויסער, מאַמע?" כאַפּט זיך ליאַ פּלוצים אויף פון זיין פאַרטראַכטקייט.

„אין עטלעכע יאָר אַרום, מיין קינד", ענטפערט די מאַמע מיט אַ שמייכל.

## 4.

מען האט אנגעהויבן באמערקן ווי דער קליינער ליא ווערט א פארטראכטער אינגל. ער פלעגט אינמיטן שפילן זיך אוועקזעצן אף א ברעג פון טראטואר און קוקן אף שווארצע מאשינען, זיך אוועקשטעלן אפן עק פון גאס אוןווארטן אף זיין מאמען, זיך פארטיפן אין א ביכל, אין א ווינקל ערגעץ, שטעלן פראגעס דער לערערין און שרייבן קאמפאזיציעס, גאר ניט קיין קינדערשע.

אפטמאל פלעגט זיך ליא אויפכאפן פון שלאף, הערזען אז זיין מאמע איז ערגעץ אוועק, פלעגט ער ליגן און טראכטן וואוהין און צו וועמען זי גייט. און שפעט באנאכט, ווען די מאמע פלעגט שטיל עפענען די טיר, זי זאל ליאנען ניט אויפוועקן, פלעגט זיך ליא אריינגראבן אין קישן, די מאמע זאל ניט וויסן, אז ער איז ניט געשלאפן.

און שטיל פלעגט ער מורמלען מיט די ליפעלעך:

„וואו איז פאפע?"

## ווען די מאַמע איז אין שאַפּ

לאָזט זיך אַזוי ליאַ אַף זיין הילצערנעם וועגל, וואָס ער טרייבט אַליין טאַקע אונטער מיטן לינקן פוס און מיטן רעכטן — זיצט ער קניענדיק אינווייניק.

ער פאָרט פון טראָטואַר צו טראָטואַר אַ פריילעכער, אַ מוטי־קער. עס זיינען איצט די ערשטע טעג פון זיין לעצטער וואַקאַציע. נאָך אַ יאָר, און ער ענדיקט שול. דערנאָך — ווערט ער אַ גרויסער.

מיט אים פאָרן נאָך כעווריע. מ'ליאַרעמט און מ'יאָגט זיך איינער נאָכן צווייטן. איין אינגל האָט פאַרגעליינט, מ'זאָל זיך לאָזן צו די נייע הייזער, זיינען אַלע באַלד אַהין אַוועק.

ליאַ האָט זיך אָוועקגעזעצט אַף זיין וועגל און געקוקט ווי מענטשן טראָגן ליים, ליגן ציגל צו ציגל, קלאַפּן טשוועקעס אין ברעטער, איינער מישט אַ ווייסע בלאָטע, אַזאַ גרויסע קאַשע פון שטיינדעלעך, מעל און וואַסער, אַ שוואַרצער פירט אַן מיט אַ גראַב־מאַשין. האָט זיך ליאַ אַן זיין פאָטער דערמאָנט. האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי זיין פּאַפּע שטייט דאָס אַף אַ הילצערנעם גאַ־ניק, וואָס איז צוגעבונדן מיטן שטריק. ער קלאַפּט דאָרטן מיט אַ האַמער. פּלוצים פליט אים אַ ציגל אין קאָפּ, און ער פאַלט אַראָפּ אַ צעהאַרגעטער. אַן אַמבולאַנס פירט אים אַפּ אין שפּיטאָל. דאָרטן האָט ער אים געזען אַ בלייכן, מיט אַ פאַרוואַקסענער באָרד, מיט ווייסע טיכער אַרומגעוויקלט איבערן קאָפּ און די הענט. דער פּאַפּע האָט אים דערמאָלט שטיל געזאָגט: „ליאַ, זאָלסט גיין אין מיינע וועגן".

וואָלט ער דערמאָלט געווען אַ טאָם מיקס, וואָלט ער אָנגע־פלויגן אַף זיין פערדל, אונטערגעכאַפּט זיין פאָטער, ווען ער איז געפאַלן פון גאַניק, און מיט אים אַוועק אַהיים, ווי טאָם מיט זיין געליבטער. נאָר מיקס איז נאָר אַ העלד אַפן ליוונט. אַזוי האָט אים זיין מאַמע אַמאָל געזאָגט. און דער פּאַפּע איז אַוועקגעפאָרן אַף אַ שוואַרצער מאַשין.

און ליאַ האָט ווייטער געטראַכט: „ער וועט גיין אין פּאַפּעס

װעגן. ער װעט אויך ארבעטן בא הייזער. מ׳װעט אים אבער ניט צונעמען, ער איז נאך א קליינער". ער האט געזוכט אז אײצע אין זיין קינדערשן מױעכל. נאר פלוצים האט א הייזעריק פײפל זיך געלאזט הערן, א מיטאג־צייט־פייף, און די בױער האבן אװעקגע־לייגט די ארבעט.

אייניקע האבן זיך געלאזט אין די נאענטע קראמען עפעס איינקויפן. אנדערע האבן זיך אויסגעזעצט אף ברעטער און שטיקער רערן, צעעפנט זייערע בינטלעך און פאװאליניקע זיך גענומען עסן. אן עלטערער איטאליענער מיט א פאר גראבע װאנצעס אף זיין אפגעברענטן פאנעם, צװיי שארפע אויגן, װאס שיסן מיט בייזקייט, — האט זיך אפגעװישט זיינע שמוציקע הענט אין זיין געלער אויבערהעמד, אריינגעקוקט אין זיין טיכל מיט עסנװארג, און אנקלאפנדיק א פינגער אן א פינגער, האט ער באשלאסן עפעס צוצוקויפן. ער האט צוגערופן ליאן מיט א װאונק און מיט א צי מיט דער האנט. ליא האט זיך דערפרייט און געפלויגן װי א פויגל, האט געבראכט א פלעשל מילך, קעז און געװאלט אװעקגיין. אבער דער איטאליענער האט אים געהייסן זיך אװעקזעצן און אויך עסן, אויב ער װיל. ליא האט זיך צוגע־שפארט און געדאנקט. עסן האט ער ניט געװאלט.

אייניקע גיכע עסערס האבן זיך שוין אפגעפארטיקט און ארומגעקליבן זיך צו כאפן א שמועס, האלטנדיק די ליולקעס אין מויל.

— װי רופט מען דיך? — האט אים דער איטאליענער געפרעגט, אפרייסנדיק מיט די ציין א שטיק ברויט.

— ליא, — האט ער שטיל און פארשעמט געענטפערט.

— א שיינער נאמען, — האט א צװייטער אונטערגעכאפט, אן אינגערער, מיט א בלאנדן קאפ־האר, איינגעפאלענע באקן און פארשמירטע בלויע אװעראלס. — האסטו עלטערן?

— קיין פאטער האב איך ניט. מיין מאמע ארבעט אין א שאפ, — האט ליא דערציילט.

— ער װייסט מיסטאמע ניט, צו װאס פאר א פאלק ער געהערט, — האט א פעטער בויער מיט רויטע באקן און א שיקערער נאז, פון דער זייט אריינגעװארפן.

א טייל ארבעטער האבן זיך צעלאכט. איין נעגער האט אויסגעשטעלט א פאר אויגן, און װען דער פעטער בויער האט אים

א קיצל געטאַן, האָט ער ברייט צעעפנט זיין מויל, באַוויזן זיינע ווייסע ציין, און הוידענדיק זיין קערפּער, האָט ער זיך פאַרקייכט. דער בלאָנדער, וואָס האָט זיך דער ערשטער איינגעשטילט, האָט מיט דער האַנט אָפּגעשטעלט די לאַבערס און זיך געווענדעט צו ליאָן:

— דיין פּאָפּען געדענקסטו ?

— איך געדענק אים אַ ביסל. איך בין געוועזן נאָך גאַר אַ קליינער, ווען ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַזאַ הויכקייט, — ער האָט דערביי אָנגעוויזן אַף אַ הויכן גאַניק. — ער איז אויך געוועזן אַ בויער, — האָט ליאָ אַרויסגערעדט שוין אַ ביסל הוימישער.

כעוורע בויער האָבן זיך איבערגעקוקט, געוואָרן ערנסט און געקוקט מיט אַ ביסל טרויער און מיט געפיל.

— אַזוי, אַזוי, — האָט דער בלאָנדער אַריינגענומען אַ גרויסן צי און אַרויסגעלאָזט דורך דער נאָז און מויל דריי מאָכנעס רויך, וואָס האָבן זיך אוועקגעטראָגן מיט אַ שטילן זיפץ פון פאַרוויקלטע געדאַנקען.

דאָס פייפל, דער צייט-היטער, האָט זיך ווידער געלאָזט הערן. די בויער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אפן צווייטן טאָג איז שוין ליאָ, באַלד נאָך זיין פריאָנבייסן, גלייך אוועק צו די נייע הייזער. די בויער האָבן אָנגעוויזן אַף אים און זיך איבערגעשמייכלט. ליאָ האָט זיך געפילט אַ גליקלעכער. ער איז געוואָקסן מיט זיין פרייד יעדע מינוט. אַ שמייכלענדיקער האָט ער זיך אוועקגעזעצט אַף זיין וועגעלע און געקוקט, ווי מ׳בויט אַ הויז.

א פּאָר אַרבעטער האָבן אים געשיקט קויפן פּאַפּיראָסן און טאַבאַק. ער האָט דערפילט מיט צופרידנקייט יעדנס ווילן.

באָם טירל, פונעם ברעטער-צעגוייפגעשטעלטן אָפּיס, איז געשטאַנען אַ איד מיט אַ רויטן פּאָנעם. ווען ער האָט אַרויפגערוקט זיין שטרויענעם טעלער-קאַפּעליוש, האָט זיך אַרויסגעזען אַ שטיק ווייסער שטערן, צוויי גרויסע טונקל-בלאָנדע בייזע ברעמען, וואָס האָבן זיך באַוואָיגן ביים ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע בליקן צו אַ ציגלטרעגער, ווען יענער האָט פאַררויכערט, אָדער צו אַ גרעבער, ווען ער האָט אָנגעשפּאַרט זיינע הענט אַן דער לאָפּעטע און אַרי־בערגעוואָרפן אַ פרעמד וואָרט צו זיין שאָכן. אין מויל האָט ער געקייט אַ פאַרלאָשענעם גראָבן סיגאַר. מיט די פינגער האָט ער

זיך געשפּילט מיטן גאָלדענעם קייטל אויף זיין פעטן בייכל.

דער מענטש האָט באַמערקט, ווי ליאַ לויפט אַלעמאָל אויף דעם לאַנגן ברעטערלייטער, מיט די אָנגעקלאַפּטע טרעפּלעך. האָט ער ליאַנען צוגערופן און אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל ניט לויפן און ניט שטערן אין דער אַרבעט.

ליאַ האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער שטערט ניט. די אַרבעטער בעטן אים עפּעס קויפן, ברענגט ער עם צו זיי. דער מאַן האָט זיך צעשמייכלט, וואָס ליאַ פאַרשטייט נאָך ניט, אַז דאָס אַרויסנעמען קליינגעלט, צונעמען די זאַך און זאָגן אַ דאַנק פאַרנעמט צייט.

ליאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ פאַרשעמטער זיך געלאָזט אַוועקגיין. אַ צוואַק, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון אַ ברעט, האָט דערפילט, ווי אַ העמדל רייבט זיך אָן אים, האָט ער זיך אַריינגעשטאָכן און געמאַכט אַ לעכל. ליאַן האָט פאַרדראָסן אויפן צוואַק, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן, האָט דער צוואַק זיך צעלאַכט און זיין העמדל געשפּאָלטן פון הינטן. ליאַ איז געבליבן שטיין אַ ברוגעסער און אַ פאַרטרויערטער: „וואָס וועט ער זאָגן זיין מאַמען?". ער האָט זיך שנעל אַוועקגעזעצט אויפן וועגל און אַוועק אַהיים.

ער איז שטיל אַריין אין צימער, ווי אַ גאַנעף, די באַלעבאָסטע זאָל אים ניט דערהערן, זי קען נאָך דערציילן דער מאַמען.

ער האָט אויפגעעפנט דעם גרויסן קאַסטן, אַרויסגענומען אַ נאָדל מיט אַ קלעצעלע מאַקראַ און זיך אַוועקגעזעצט, ווי אַ באַלמעלאָכע, צו פאַרנייען דעם ריס פון זיין העמדל.

די נאָדל האָט זיך געפּילט זייער שטייף אין ליאַס שוואַכע פינגערלעך. דער פאָדעם האָט זיך געשלענגלט און ניט געוואָלט אַריין אין לעכל. ליאַ איז געוואָרן אויפגערעגט און פאַרלוירן זיין געדולד, האָט זיך די נאָדל צעשמייכלט און מיט איר שפּיץ זיין מיטלסטן פינגער באַרויטלט מיטן בלוט.

ליאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס שלעכטע שפּיציקע שטאָלשטרויעלע און אַוועקגעשליידערט דעם פאָדעם מיטן העמדל. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צום קאַסטן און שטיל געוויינט:

„נישט גוט, וואָס די מאַמע גייט אַוועק אין שאַפּ אַריין".

ער האָט געטערערט ביז ער איז אַנדרימלט געוואָרן.

# אַ מאַמעס אַ מייסעלע

מירע איז געלאָפן פון דער אַרבעט, ווי אַלע טעג, מיט אויסגעשפּרייטע הענט און מאַמע־שמייכל אַרומצוכאַפּן איר זונדעלע, אים קושן און אויספרעגן וואָס ער מאַכט.

לעבן סלופּ אפן ראָג איז אָבער ליאָ ניט געשטאַנען היינט, די אויגן האָבן אָנגעהויבן באַ איר אַרומלויפן, די ציין האָבן אָנגעהויבן אַרומטאַנצן אין מויל: „עפּשער איז אַן אַטאָמאָביל אים איבערגעפאָרן". זי האָט געקוקט אַף אַלע זייטן, געפרעגט אַ פּאָר אינגלעך, קיינער אָבער האָט אים ניט געזען.

זי האָט זיך געלאָזט לויפן אַף די טרעפּ, און שנעל אַריין אין צימער. אַז זי האָט דערזען ליאָן ליגן דרימלענדיק, האָט זי געוואָלט אַרויסלאָזן אַ פרייד־געשריי: „אוי, מיין טייער זונדעלע". נאָר אַ צווייטער געדאַנק, האָט איר אַ שטורכע געטאָן אין זייט: „ס'קינד וועט זיך נאָך דערשרעקן". האָט זי זיך שטיל אַראָפּגעבויגן, באַטראַכט דאָס צעריסענע העמדל מיטן נאָדל־פאָדעם און זיך צעשמייכלט, נאָר באַלד האָט זי באַמערקט דאָס פאַרבלוטיקטע פינגערל, האָט זי פאַרקנייטשט אַ ליפּ און געלאָזט אַ טרער: „מיר זאָל זיין פאַר דיר." זי האָט אים אַ שטילן קוש געגעבן אין שטערן.

ליאָ האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן און עפּעס מרוקן פונעם שלאָף, ער האָט געעפנט די אייגלעך און דערזען טאַקע זיין מאַמען, וואָס ער האָט ערשט פאַרלאָזט אין כּאַלעם. מירע האָט אים גע־גלעט און געליובעט. ער האָט זיך געוואָלט צעשמייכלען, נאָר אַז ער האָט דערזען זיינע דריי סאַנים ליגן ניט ווייט פון זיך: דאָס צעריסענע העמדל, די נאָדל און דער פאָדעם, האָט ער זיך פאַר־קרומט און זיך געוואָלט צעוויינען.

די מאַמע האָט אים אויסגערעדט ער זאָל קיין צאָרעס ניט האָבן, ניט מוירע האָבן, זי וועט עס פאַרנייען. נאָר באַם עסן זאָל ער דערציילן דער מאַמען, אין פריילעכע ווערטער, וואָס עס איז עפּעס היינט געשען.

מירע האָט דערלאַנגט עסן און בעשאַס מייסע דערציילט ליאָן

אַ פּאַר וויצעלעך, ליאַ זאָל זיין פריילעך. ליאַ האָט דערציילט ווי אַזוי ער האָט אַליין געוואָלט פאַרנייען דעם ריס אין זיין העמדל און ניט געקענט. זי האָט געלאַכט און ער האָט מיטגעלאַכט אַף איר קוקנדיק.

שוין עטלעכע וואָכן ווי מירע הוסט. בײַ יעדן הוסט גיט זי זיך אַ כאַפּ בײַ דער זייט און לאָזט אַרויס אַ שטילן אוי. ליאַ קוקט אַרויף צו דער מאַמען מיט געבעט־אויגן: „וואָס איז דיר?" די מאַמע גלעט זיינע העל־בלאָנדע קוטשערראַווע האָר, פּונקט זיין טאַטנס קאָפּ מיט לאָקענעס. זי באַרואיקט אים: „ס'איז מיר גאָרניט, קינד, גאָרניט".

אַ מיטוואָך איז מירע געלעגן אינדערפרי אין בעט און זיך געשפּילט מיט ליאַן. פּלוצים איז ליאַ געבליבן פאַרטראַכט, אָפּ־געשטעלט זיינע אויגן און זיך דערמאָנט, אַז ס'איז ניט זונטיק און ניט קיין יאָנטעוו, האָט ער זי געפרעגט פאַרוואָס זי אַרבעט היינט ניט.

מירע האָט בעשאַס מייסע געוואָלט ענטפערן: „ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט" און פּאַטער ווערן פון ליאַס פראַגעס, וואָס וואָלטן זיך ערשט צעוויקלט, ווען זי ענטפערט ניט דעם עמעס. האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אַן מאַריסעס אַמאָליקע ווערטער, אַז מ'דאַרף קימאַט גאָרניט פאַרלייקענען פאַר קינדער און מ'דאַרף זייערע פראַגעס פאַרענטפערן קלאָר. האָט זיך מירע אויסגעהוסט און זיך צוגעגרייט צו אַן ערנסטן געשפּרעך.

זי האָט אַרומגענומען ליאַן. אים דערלאַנגט אַ קוש אין שטערן, און קעמפּענדיק ניט צו באַווייזן קיין טרערן, האָט זי דערציילט: „די דאָקטוירים זאָגן, אַז זי איז זייער קראַנק. אויב זי וועט ניט אַוועקפאָרן אין די וואַרעמע לענדער זיך היילן, וועט זי לאַנג ניט לעבן". פון ליאַס אויגן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט צוויי גרויסע טרערן. צוויי אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט בײַ די טירלעך פון זיינע אויגן און זיך געלאָזט פאַלן. דער קינדער־שער טרערן קוואַל האָט זיך בײַ אים געעפנט און יאָגט, יאָגט: „פאָר, מאַמעלע, פאָר און הייל זיך אויס".

מירע האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט מוזן זיין בײַ דער מומע גיטלען ביז זי וועט קומען אַהיים. ליאַ האָט זיך אַביסל געקרומט, געקנייטשט און דאָך איינגעשטימט.

מירע איז אַרויס פון בעט אַ צופרידענע פון ליאַס רייד. זי

האָט זיך אָנגעהויבן צוצעגרייטן אין וועג אַריין. דעם גאַנצן טאָג האָט זי מיט אים פאַרבראַכט, וואו נאָר אַ קינדערשער פאַרגעניגן האָט זי אים געגעבן.

אַף דער נאַכט, ווען ליאַ איז געלעגן אין בעט אַ פרייליעכער און געטראַכט פון זיין יאָמטעווודיקן מיטוואָכדיקן טאָג, האָט זיין מאַמע זיך אַוועקגעזעצט, געקוקט גלייך אין זיינע אויגן אַריין און זיך געשלאָגן מיט דער דייע: זאָל זי דערציילן איר דרייצניאָריקן זון וועגן זיין טאַטע איז געווען, וועט ער שוין פאַרשטיין זיין פאָטערס גרויסקייט? צי זאָל זי וואַרטן ביז זי וועט קומען צוריק? און עפּשער וועט זי זיך שוין מער ניט אומקערן? מירע האָט אַרויפגעצויגן אַ שמייכל אַף אירע ליפּן.

מירע האָט אים היינט דערציילט אַזאַ מייסעלע: „אין אַ וויטן, וויטן לאַנד, וואו ס'האָט געהערשט אַ קייסער איבערן פאָלק, איז געווען אַמאָל אַ אינגל... האָט ער געהאַט בלאָנדע האָר, פּונקט ווי ליאָ. האָט ער פאַרמאָגט צוויי גרויסע בלויע אויגן, אַזוינע ווי זיינע. אַז דאָס אינגל איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, איז ער שוין געווען זייער אַ פאַרשטענדיקער און אַ קלוגער. האָט ער זיך צוגעקוקט צום לעבן. זיך אינטערעסירט מיט אַלע מענטשן פון זיין שטאָט. ער האָט געזען, אַז ס'זיינען דאָ מענטשן שיינע, אויסגעפּוצט אין רייכע קליידער, שפּאַצירן אַרום אַ גאַנצן טאָג. באַנאַכט הוליען זיי און טרינקען אַ סאַך וויין און קיין אַרבעט טוען זיי ניט. און ווידער האָט ער באַמערקט אַנדערע מענטשן, וואָס אינדערפרי לויפן זיי צו דער אַרבעט אין פאַשמירטע קאָסטיומען. אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן זיי שווער אין די פאַבריקן. פאַרנאַכט גייען זיי אַהיים מידע, אויסגעצערטע, הונגעריקע און ברויגעסע. באַנאַכט קענען זיי קיין פיל פאַרגעניגנס ניט קריגן, ווייל זיי זיינען מיד פון אַ שווערן טאָג אַרבעט און ווייל ס'בלייבט זיי טאַקע ניט קיין געלט אַף פאַרגעניגנס פון די סכירעס וואָס זיי באַקומען.

האָט זיך דאָס בלאָנדע אינגל אָנגעהויבן פאַרטראַכטן, געקלאַפּט מיט אַ פינגער אין זיין שטערן: „פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין?" האָט ער געפרעגט זיינע עלטערן, מומעס און פעטערס, פאַרוואָס לעבן אייניקע רייך און אַנדערע לעבן אָרעם, האָבן זיי אַלע געענטפערט, אַז זיי ווייסן ניט, נאָר אַז מען לעבט אַזוי, מיסטאָמע דאַרף אַזוי זיין.

איינמאָל איז צום אינגלס עלטערן געקומען צו גאַסט אַ מיידל.

דאס מיידל האט געהאט שווארצע האר און שווארצע אויגן. זי האט געלעבט אין א גרויסער שטאט. זי איז טאקע זיינע א קרויווע געווען. זיינען דאס אינגל מיט דער מיידל ארויסגעגאנגען אף א שפאציר. האט ער זי געפרעגט, פארוואס א טייל מענטשן ארבעטן ניט און האבן פארגעניגנס, און א טייל מענטשן ארבעטן שווער און האבן ניט קיין פרייד.

האט זי זיך זייער דערפרייט, וואס ער שטעלט איר אזא פראגע. די אויגן האבן זיך בא איר צעפינקלט און זי האט אים דערציילט: „די רייכע מענטשן זיינען קלוגע און געלערנטע, זיי זיינען אבער שלעכטע. זיי ווילן אז אנדערע זאלן אף זיי ארבעטן. די ארעמע מענטשן מוזן נעבעך פארדינען אף צו שפייזן זיך און זייערע פאמיליעס, פארקויפן זיי זייערע הענט צו ארבעטן. נאר אזוי ווי מען קען ניט אפטיילן דעם קאפ פון די הענט, שטייט דער קאפ אף די פלייצעס און טוט גארניט. דערפאר האבן די ארבעטער קיין סייכל ניט. זיי ווייסן ניט אז אלעס, וואס געפינט זיך אף דער וועלט געהערט צו זיי, ווייל זיי האבן אלעס אויסגעבויט. זיי דארפן נאר אויפשטיין אלע מיט אמאל אין איין טאג און א געשריי טאן: „מיר זיינען די באלעבאטים איבער דער וועלט", וועלן די רייכע אנטלויפן פאר מוירע."

ליא האט אביסל די אייגעלעך צוגעמאכט. זיך פארטראכט, האט זיך דער מאמען אויסגעוויזן אז ער שלאפט, איז זי שטיל געווארן. האט ער זיך א הויב געטאן און געפרעגט: „וואס זשע האט דאס אינגל געטאן?"

האט זיך מירע דערפרייט, צעפינקלט אירע אויגן ווי דאס שווארצע מיידל און ווייטער דערציילט:

„און דאס בלאנדע אינגל האט פון דעמאלט אן ניט גערוט. ער איז געפארן פון שטעטל צו שטעטל, פון דערפל צו דארף, צו־נויפגענומען ארבעטער שטילערהייט, אין פינסטערע צימערלעך, און זיי דערציילט, און זיי אויפגעקלערט דעם עמעס פון לעבן. האבן די ארבעטער אנגעהויבן עפענען די אויגן. אויסגעברייטערט זייערע אויערן, און אריינגענומען די רייד פון בלאנדן אינגל אין קאפ אריין. האבן די ארבעטער זיך אנגעהויבן בונטעווען, סטרייקן, מען זאל זיי געבן העכערע סכירעס און פארקירצן די שטונדן פון ארבעטסטאג.

האבן די רייכע זיך דערשראקן און געגעבן דער פאליציי געלט,

זיי זאָלן כאַפּן דאָס בלאָנדע אינגל, וואָס דערציילט דעם עמעס די אַרבעטער. פֿלעגט דאָס אינגל שפּרינגען איבער ביימלעך, קוימענס און צײַמלעך, זיך וואַלגערן אין קעלערס, אויף בוידעמס, אַנטלױ־פֿענדיק פֿון נאַכפֿאָלגער; נעכטיקן אין קוזניעס, אויף בייסוילעמס, — אַבי מען זאָל אים ניט כאַפּן.

איינמאָל איז ער געקומען צופֿוס אין אַ שטעטל. ער איז געווען איבערגעטאָן אין פּויערישע קליידער, מען זאָל אים ניט דערקענען. האָט זיך אָבער געפֿונען אַ נאַרישער אַרבעטער, וואָס האָט פֿאַר עטלעכע פֿאַפּירענע מאַטבייעס אים אַרויסגעגעבן. האָט מען אים אַרעסטירט, געשלאָסן אין קייטן און פֿאַרשיקט אין אַ ווייטן, ווייטן קאַלטן לאַנד, — קיין סיביר.

איינמאָל שטייט ער אַזוי טיף פֿאַרטראַכט. ער קלערט צו וועט מען אים אַמאָל באַפֿרייען. זעט ער ווי מע פֿירט זײַן קרויווע, דאָס מיידל מיט די שוואַרצע אויגן; דאָס האָט מען זי אויך גע־בראַכט אין שנייאיקן לאַנד אַריין, פֿאַר די זעלבע זינד ווי זײַנע.

אין צווייען איז זיי געווען גרינגער צו ליידן. דאָרטן האָבן זיי געלעבט אַ שטיק צײַט. איינמאָל, אין אַ נאַכט, ווען אַלע וועכטער זײַנען געשלאָפֿן, האָבן זיי זיך שטילערהייט אַרויסגעגאַנ־ווען און אַוועק. זיי זײַנען געלאָפֿן און געלאָפֿן איבער פֿעלדער און וועלדער, איבער בערג און טאָלן; דער טיפֿער שניי האָט זיי אַלע מאָל אומגעוואָרפֿן, האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן און ווידער געלאָפֿן ביז זיי זײַנען געקומען קיין אַמעריקע.

דאָס בלאָנדע אינגל איז געווען דײַן פֿאָטע. דאָס שוואַרצע מיידל איז דײַן מאַמע".

ליאָס אייגעלעך, וואָס האָבן זיך נעבעך געקאַרטשעט, געבויגן. אָט, אָט פֿאַרמאַכן זיי זיך, האָבן זיך מיט אַמאָל ברייט צעעפֿנט. ער האָט געשטעלט דער מאַמען נאָך עטלעכע פֿראַגעס און איז אַ צעפּרידענער אײַנגעשלאָפֿן.

# אַליין

מירע איז אַוועקגעפֿאָרן, ליאַ איז געבליבן בײַ דער מומע גיטלען. די ערשטע טעג איז אים געווען שווער צו וואוינען אין דעם נײַעם הויז, רעדן מיט נײַע מענטשן, באַקאַנען זיך מיט נײַע קינדער אין גאַס, נאָר שפּעטער איז ער היימישער געוואָרן.

די מומע גיטל, אַן עלטערע פֿרוי, אַ בייזע, מיט לויפֿנדיקע אויגן און אַ לאַנגער נאָז, האָט עס געזאָגט מירען, אַז מער ווי אויף עטלעכע וואָכן נעמט זי ניט ליאַן. זי האָט אַליין, איר אייגנס, אַ הויז מיט שרײַערס. נאָר אַז זי האָט געזען, אַז מירעס קרענק פֿאַרציט זיך, האָט זי צעגויפֿגענומען אַ פּאָר אייגענע, דעם מאַן, דעם עלטסטן זון און באַטראַכט, וואָס מען זאָל טאָן מיט ליאַן.

ליאַ האָט דאָס ניט געוואוסט. ער האָט זיך געקוויקט מיט דער מאַמעס ליבע־בריוועלעך. אין די נעכט פֿלעגט ער ליגן אויף זײַן געלעגער, טראַכטן און בעטן זי זאָל ווערן געזונט און וואָס גיכער אַהיים קומען. ער בענקט אַזוי נאָך איר.

אין אַן איינדערפֿרי האָט די מומע גיטל אָנגענומען ליאַן בײַ דער האַנט און אים אַוועקגעפֿירט אין אַ לאַנדרי, צום באַלעבאָס האָט די מומע קורץ געזאָגט: „דאָס איז דער באָיטשיק", און ליאַן האָט זי אָנגעזאָגט מיטן פֿינגער: „וואָס דער מאַן וועט דיר הייסן, זאָלסטו טאָן, וויפֿיל געלט דו וועסט קריגן, זאָלסטו מיר אָפּגעבן, הערסט?" און איז אַוועק.

פֿריער האָט ליאַ אַרומגעקוקט די נײַע קלייט. געוואָרפֿן אויגן אויפֿן פּרעס־מאַשין, אויף די טישן, אייזנס, אויף די פּאָליצעס. דערנאָך האָט ער דערשמעקט דעם געשטאַנק פֿון שמוציק וועש און שווייסיקע זאַכן. ער האָט אַביסל פּאַרקנייטשט מיטן נעזל און זיך דערבײַ געטראַכט: ס'איז אַפֿילע ניט אַזאַ אַרבעט, וואָס זײַן פֿאָטער פֿלעגט טאָן, אָבער דאָך אַן אַרבעט. ער הייבט אָן ווערן אַ גרויסער. די מאַמע וועט אַהיימקומען, וועט זי שוין ניט דאַרפֿן נייען אין שאַפּ.

אויף זיינע יונגע פלייצעלעך האבן זיך שווער אוועקגעלייגט די זעקלעך מרוקענע און נאסע וועש. אלע מאל איז ער געלאפן אויף טרעפלעך אויפן פערטן און פינפטן שטאק, נעמען און אפטראגן פעקלעך. אמאל האט ער געקראגן צוויי אדער פינף סענט א „טיפ" און אמאל נאר א בייזן ברום פון א קוינעטע, פארוואס ער האט געזאגט, אז זיין באלעבאס בעט געלט. האט ער ניט געבראכט באצאלטס פארן פעקל „פלעט" איז דער באלעבאס געווען אין קאעס אויף אים.

האלבע טעג פלעגט ער שטיין אויף זיינע יונגע פיסלעך באם מאשין און פרעסן טיכעלעך, טיכעלעך, טויזנטער טיכעלעך, גרויסע מענערישע און קליינע ווייבערשע: ער פלעגט זיי האלטן בא די שפיצן און דורכלאזן א פאר מאל, דערנאך זיי צענויפלייגן אין א קעסטעלע, שיין, פינקטלעך „ס'זאל געפעלן די קוינים," אזוי דער־מאנט אים אלע מאל דער באלעבאס.

די סאלפעטקעס דארף מען צענויפלייגן דריישפיציק. אין די זאקן דארף מען אריינשטעקן א הענטל, ס'זאל זיך אויספרעסן און אויסגלייכן ווי נייע. די אונטערוועש אויספרעסן און צענויפלייגן מיטן פארצייכנטן נומער אויבן און דער איקער היטן די קנעפלעך, ווי די אויגן אין קאפ, לעמאן־אשעם ניט צעברעכן קיין קנעפל באם פרעסן, אז ניט פארלירט דער באלעבאס א „בארדער־באנדל".

ארבעט אזוי ליא א גאנצע וואך. צו צען, צוועלף און פופצן שטונדן א טאג. די פארע פון דעם נאס־געפרעסטן וועש, דער רייעך פון דעם גאז, די היץ פון מאשין זעצן זיך אין פעני מל, אין די אייגעלעך. א שוויים באדעקט אים. ער ארבעט און זינגט טרויעריקע לידעלעך.

— עפעם ניט ווי אלע פריילעכע אמעריקאנער אינגעלעך — באמערקט פאר זיך אמאל דער באלעבאס. ער איז א שווייגער און פאלגט אלעס, וואס מען זאגט אים. פארט דער באלעבאס אויף אים רייטענדיק, זוכט פאר אים אויס ארבעט פון אונטער דער ערד.

און אז ליא שטייט באם מאשין און פרעסט, קוקט ער זיך ניט אום. ער וויל ניט באגעגענען דעם באלעבאס' בייזע צוויי אויגן, וואס קוקן איבער יעדער טיכעלע און זאק, זיינע צוויי אויגן, וואס שטעכן ליאס פלייצעלעך פון הינטן.

שאבעס אוונט קומט ליא אהיים שפעט פון דער ארבעט. ער טראגט צו דער מומע גיטלען זיינע סכירעס, קארגע פיר דאלער.

זי נעמט דאס צו און גיט אפילע ניט קיין שמייכל צו ליאן. אמאל רעדט זי נאך איבער: „מענטשן קענען מיינען, אז זי ווערט רייך פון אים".

אבער ליא ווייסט און פילט, אז די מומע גיטל איז א שלעכטע און א בייזע. אלע אירע קינדער גיט זי פרוכטן און אים — ניט. פאר דער צייט, שוין העכער א יאר, האט אים נאך די מומע קיין ניי העמדל ניט געקויפט. איינמאל נאר פארריכט די שיך.

אמאל גייט ער אין די „מואוויס", ווען דער באלעבאס גיט אים אן אומזיסטיקן בילעט, וואס ער קריגט פאר דערלויבן ארויסצושטעלן די אפישן אין פענסטער.

---

איינמאל, אין א זונטיקדיקן באטאג, ווען ליא איז אריין פון גאס מיט א פארפלאמטן פאנעם, אנגעגליט קערפערל פון שפילן אין באל, האט ער דערזען א גרויסן אוילעם בא זיין מומען אין הויז. איניקע האבן געווישט זייערע פארוויינטע אויגן. אויפן טיש איז געלעגן א בריוו, אן אפענער. ווען מען האט אים דערזען אריינקומען, זיינען אלע געבליבן שטיל, אנגעשטעלט אויף אים ראכמאנעס־אויגן.

ס'איז אים דורכגעפלויגן א שרעקלעכער געדאנק, נאר ער האט זיך געשעמט צו פרעגן, אזא גרויסער אוילעם, האט ער זיך געלאזט גיין אין צווייטן צימער, א פארטראכטער. סארעלע, דער מומעס מידעלע, איז אים נאכגעלאפן און אויסגעשריגן: „ליא, דיין מאמע איז געשטארבן."

ליא איז א מינוט געבליבן א פארטראכטער. דערנאך האט ער זיך געלאזט צו סארעלען פאר אזעלכע ווערטער. די מומע איז אים פארלאפן דעם וועג. זי האט באהאלטן סארעלען פון ליאן. ליא האט זי אנגעקוקט מיט צוויי גרויסע אויגן: „עמעס, מומע?" האט זיך די מומע צעוויינט, ארומגענומען ליאן און אים געגלעט זיין קאפ.

ליא איז אנטלאפן אין צווייטן צימער, זיך א ווארף געטאן אויפן סאפקעלע און געקוויטשעט און געקלאפט מיט די פיס: „מאמע, מיין טייערע מאמעלע".

אזוי איז ער געלעגן אויפן סאפקעלע ביז ער איז איינגעשלאפן. באנאכט האט ער זיך אויפגעכאפט. אין די צימערן איז געווען

שטיל. איטלעכער איז געשלאָפֿן. האָט ער זיך איבערגעקערט מיט די אויגן צו דער סטעליע, געקוקט אין דער פֿינסטערניש און געקלערט און געטראַכט.

מיטאַמאָל האָט ער דערפֿילט זיין עלנטקייט אויף דער וועלט. ניט קיין טאַטן, ניט קיין מאַמען. די מומע איז א בייזע. דער באַלעבאָס איז אַ שלעכטער. וועט ער שטענדיק דאַרפֿן וואוינען אין דער הויז? וועט ער אייביק אַרבעטן אין דער לאַנדרי? ניין, ער וויל ניט. ער וויל בעסער שטאַרבן. ליגן דאָרטן וואו זיין טאַטע־מאַמע, אײדער אזוי צו לעבן.

פֿון דער נאַכט אַן איז ליאַ נאָך שוויגענדיקער און פֿאַר־טראַכטער געוואָרן. ער האָט געזוכט אייצעס אין זיין קעפּל, ווי אַזוי צו באַפֿרייען זיך פֿון זיין מומען און זיין באַלעבאָס.

די ערשטע פּאָר טעג האָבן אים די מומע מיטן באַלעבאָס באַהאַנדלט ווייכער, אַביסל בעסער, נאָר שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זעלבע ווי פֿריער און נאָך ערגער.

און אַז ליאַ האָט אַהיימגעבראַכט פֿינף, זעקס און זיבן דאָלער אַ וואָך, האָט ער נאָך אַלץ קיין שמייכל ניט געקראָגן בא דער מומען.

מיט יעדן סענט, וואָס דער לאַנדרימאַן האָט ליאַן געהעכערט, איז געוואַקסן די אַרבעט, האָבן זיך פֿאַרלענגערט די שטונדן, איז די אַרבעט געוואָרן שווערער. האָט ליאַ שוין געדאַרפֿט אויסהענ־גען דאָס נאַסע וועש אויפֿן שטריק. ער האָט שוין געדאַרפֿט איינקראַכמאַלען די קעלנער פֿון די העמדער, קינדערשע קליידעלעך און פֿאַרטעכער. ער פֿלעגט אייננעצן די טרוקענע וועש, ס'זאָל זיין גרייט צום פּרעסן. און אַז ער האָט געהאַט אַ פֿרייע מינוט, האָט אים דער באַלעבאָס געשיקט קלאַפּן אין טירן און שרייען: „לאַנדרימאַן", ווען עפּשער ווייבער מאַכן אַ טאָעס, ניט דערקענען זייער וואַשער, וועט ער אזוי אַריינקריגן נייע קונים.

ליאַ איז אַלט געוואָרן פֿופֿצן יאָר. ער האָט זיך אַליין ניט דערקענט אין שפּיגל. זיינע פּלייצעלעך האָבן זיך צעוואַקסן. זיין קאָפּ האָט זיך אויפֿגעהויבן. ער האָט שוין אפילע באַמערקט א האָר אויף זיין מאָרדעלע.

איינמאָל, ווען ליאַ איז זיך אזוי געגאַנגען און געשלעפּט א שווערן פּאַק וועש אויף די פּלייצעס, האָט אים אָפּגעשטעלט מר.

קעץ, דער בוטשער אויף דער דריטער גאס, און מיט אים פארפירט א שמועס.

דער קאצעוו האט אים שוין לאנג געקענט, ווייל ער פלעגט אלע וואך בא אים נעמען און אפטראגן וועש. ער האט שוין לאנג גע־ווארפן אן אייגל אויף ליאן. זייער א שטיל באכערל, ער זוכט מיט ליכט אזעלכן.

דער קאצעוו האט אים אויסגעפרעגט ווער זיינע עלטערן זיינען, וואו ער וואוינט, וויפיל מען צאלט אים פאר זיין ארבעט, וויפיל שטונדן ער הארעוועט. ער האט גערעדט מיט א טאן פון אן אלטן פריינט.

ליא האט דערפילט דעם נייעם טאן. האט ער אים דערציילט דעם גאנצן עמעס. אים דערציילט אפילע, אז ער האט פיינט זיין מומען און זיין באלעבאס. ווען ער קען זיך באפרייען פון זיי וואלט ער געווען דער גליקלעכסטער.

דער קאצעוו האט אים באדויערט פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט האט ער זיך געפרייט. ער וועט קריגן א באכערל אויף יארן און יארן, א וואויל איינגל, ער וועט זיך לאזן לערנען און טאן ארבעט.

ער האט מיט ליאן אפגעמאכט א געשעפט. ער וועט אים געבן עסן און טרינקען און שלאפן אומזיסט, און נאך דריי דאלער א וואך עקסטרע. וועט ער זיך האבן צו קליידן, שוכן, גיין אין די מואוויס און שפארן די „טיפס" אין „פאסטראפיס".

ליאן איז זייער געפעלן געווארן דער פלאן. נאר פאר איין זאך האט ער מוירע געהאט, טאמער זאגט ער אים אפ פון דער שטעלע, וועט אים די מומע מער ניט ארייננלאזן אין הויז, וועט ער זיך דארפן וואלגערן אין גאס.

דער קאצעוו האט אים צוגעזאגט מיטן ערן־ווארט, אז ער וועט אים האלטן ביז וואנען ליא אליין וועט נאר וועלן. און שפעטער וועט ער אים נאך העכערן די סכירעס אויך.

זונטיק, ווען דער מומעס פאמיליע איז אוועק אין פארק אריין, האט ליא צענויפגענומען זיינע זאכן, געמאכט א בינטל און זיך געלאזט ארויסגיין פון הויז. האט ער אבער א טראכט געטאן, טאמער וועט אים די מומע זוכן, האבן פון אים יעסורים, זאל זי האבן צארעס, אזא שלעכטע, האט ער געקלערט. ניין, האט ער זיך

איבערגערעכנט, ער וויל ניט זיין אזוי. האט ער אנגעשריבן א בריוועלע און געלאזט אויפן טיש.

ווען ער איז ארויס אין דרויסן האט ער זיך דערפילט ווי א באפרייטער, וואס איז אפגעזעסן א לאנגע צייט אין טורמע פאר א בילבול. ער האט זיך געלאזט צום הויז פון קאצעוו, מר. קעז, מיט פרייליכע טריט און נייע האפנונגען.

# באַשעפּעניש

מאַנטיק אינדערפרי איז די מומע גיטל געלאָפן צום לאַנדרי־מאַן זוכן ליאַן. דער באַלעבאָס האָט דערהערט, אַז ליאַ איז אַוועק, איז אים אַ דונער אַריין אין קאָפּ: מען דאַרף צענויפנעמען די אַרבעט, זי אָפּצייכענען און אַרויסשיקן אין „סטים לאָונדרי". אַליין קען ער זיך ניט צערייסן. וואָלט ער כאָטש געוואוסט פריער, וואָלט ער געקראָגן אַן אַנדערן.

אויף דער הייסער מינוט האָט ער זיך אַנגעצונדן אין אַ ווילדן כּעס, געשאָלטן ליאַן מיט מיעסע קלאָלעס, נאָר שפּעטער אַ ביסל האָט ער זיך באַרויקט און זיך אַליין געשטראָפט: ניט געדאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן מיטן „באַיטשיק" און האַלטן אים לאַנגע שטונדן. אַ יונגס, יונגע ביינדעלעך און אַ יאָסעמל דערצו. געדאַרפט געבן נאָך פופציק סענט אַ וואָך. פאַרפאַלן, ער וועט שוין מוזן קריגן אַן אַנדערן.

נאָר די מומע גיטל האָט ניט גערוט. זי האָט אים אפילע פונקט אַזוי ליב געהאַט ווי זיינע עלטערן, איר ברודער מאָריס און שוועגערן מירע, די סאָציאַליסטן, נאָר דאָך וואָלט זי וועלן וויסן וואו ער איז.

אַוואַדע איז ליאַ געווען פאַר איר אַ שטיקל הילף. זיבן, אַכט דאָלער אַ וואָך גייען ניט צופוס, זיי זעען זיך אָן. געגעסן האָט ער ווי אַ פייגעלע, שטיל געווען ווי אַ טייבעלע, כאָטש אַ פּיפּס פון אים צו הערן אין הויז. קליידער און שיך האָט מישפּאָכע געגעבן. וואָס־זשע האָט איר געמאַכט, אַז ער האָט זיך געוואַלגערט אויפן סאָפקעלע?

זאָל זי גיין אָנגעבן דער פּאָליציי, אַז ער איז אַנטלאָפן פון הויז, מען זאָל אים אַהיים ברענגען באַ די אויערן? ניין. זאָל ער פוילן ערגעץ, ווי זיין טאַטע־מאַמע האָבן זיך געוואַלגערט און געפוילט אין סיביר מיט אַלע גאַנאַווים און שאַרלאַטאַנעס.

ליאַ איז געשטאַנען אין בוטשער־שאַפּ און האָט באַקוקט די שטיקער פליש, וואָס זיינען געהאַנגען און געלעגן צעלייגט אויפן

גלאז פון סטאיקע און אויפן קלאץ. ער האט געשמאק געפליקט די פעדערן פון א הינדל, געריסן די פעדערן מיט דער הויט: נאך ניט צוגעוואוינט געווען. ער האט זיך איינגעהערט וואס די ווייבער דערציילן. ער האט געבליקט צו זיין באלעבאס, וואס איז געשטאנען אין א ווייסן ראק, אין א שטרויענעם קאפעליוש און גערעדט אויף גיך. ער האט געכאפט אלע מאל א שטיקל פלייש און עס געלויבט אין טאג אריין. אין זיין האנט האט זיך יעדע סעקונדע געביטן א מעסער מיט א האק. בא יעדן שנייד אדער האק האט ער דאס מעסער אדער די האק געגעבן א פיר, א שארף אויפן שווארצן לאנגן שטיינדל.

די ווייבער שרייען, ליארעמען און מר. קעץ ווארפט שטיקער פלייש אויף דער וואג־שאל. די וואג־שאל גיט זיך א לאז אראפ, אבער ערווארט ניט ביז זי וועט זיך אויפהויבן, ער כאפט עס גלייך אראפ, לייגט צו א ביינדל, א שטיקל רינדערן פעטס און מארש אין פאפיר אריין: „נעקסט", שרייט דער באלעבאס. „נעקסט, ווייבער".

ליא שטייט מיט זיין פארטעכל באם צווייטן קלאץ. ווען ער ווערט פארטיק מיט א הינדל, טראגט ער עס צו דעם באלעבאס און ווארט אויף זיין באפעל. דערווייל שמייכלט ער אונטער, כאפט א ברומקע, א לידעלע. ער רוט זיך אביסעלע אפ פון ארבעט צו ארבעט. ניט ווי אין לאנדרי, פרעס און פרעס באם מאשין, כאטש ווער דערוואַרגן מיט דער פארע פונם וועש.

דעם ערשטן טאג מאכט נאך ליא טאעסן. מר. קעץ הייסט אים א שטיגער ארויסברענגען א האלב קעלבל, וואס הענגט אין אייז־שטיבל באם פענסטערל, ברענגט ער ארויס א האלב לעמעלע, וואס איז שוין שווארץ ווי קויל; עס וואלגערט זיך נאך פון דער לעצטער וואך. ווערט דער באלעבאס רויט, פארענטפערט זיך פאר די ווייבער, לויפט אנטקעגן ליאנען, כאפט ארויס פון זיינע הענט דאס האלבע לעמעלע מיט קאעס און ווערט פארפאלן אין אייז־שטיבל.

ליאן בלייבט שטיין א פארשעמטער און א דערשראקענער און קוקט זיך צו, ווי די ווייבער קוקן און ווינקען זיך איבער.

דער קאצעוו פליט ארויס פון אייז־שטיבל מיט א פריש קאלב־זייטל, גיט עס א ווארף אויפן קלאץ און צעפלעכט עס אויף כעלאקעם אין איין אויגנבליק. צו ליאן ווארפט ער צו א הינדל. ער ברענגט ווידער ארויס זיין שמייכעלע אויף די ליפן, א ספעציעל

קאַצאָוועש שמייכעלע פאַר די ווייבער. ליאָ האָט באַם לאַנדרימאַן אויך אַמאָל געזען אַ שמייכעלע אָבער ניט אַזעלעכס. באַ יענעם איז דאָס געווען טרוקן און גלייך, ווי אַן אויסגעפּרעסטער לײלעך. און באַם קאַצעוו איז דאָס קילעכדיק און ווייך, ווי אַן אָנבײנערדיק שטיקל פלייש.

אַרום איינס, צוויי אַ זייגער באַטאָג. קיין קוינעם קומען שוין נישט. אַמאָל רייסט זיך אָפּ אַן אָרעמע אידענע נאָך אַ ביסל געמאָלט פלייש אָדער אַ פערטל אָף. דער קאַצעוו טוט אויס זיין ווייסן מאַלבעש. ווישט אָפּ די שיך פון בלוט מיט פּעדערן, פאַר־ריכט זיינע קליידער און גרייט זיך אין מאַרק אריין. ער האַלט פאַר ליאָן אַ קורצע לעקציע: „אויב אַ שטיקל פלייש ווערט פון אויבן שוואַרצלעך, טאָר עס קיין פרוי ניט זען. פון אַ הינדל דאַרף מען אָפּפליקן נאָר די פעדערן, זאָלן זיך די ווייבער אַליין שינדן די הויט“... ליאָ שטייט ערנסט. דער באַלעבאָס גיט אים צו פאַרשטיין זיין וויץ, צעשמייכלט ער זיך.

מר. קעץ ווייזט אים יעדע אַרבעט מיטן פינגער: אויסוואַשן און אויסווישן די „שאָו־קייס“, זי זאָל שיינען ווי אַ שפּיגל. אָפּרייבן די קלעצער מיט דעם אייזערנעם בערשטל, זיי זאָלן ווערן ווייס ווי ביילי‍ק. אָפּווישן די פּאָליצעס. אויסרייניקן דאָס פלייש־מילכל, די טיילן שווייַנקען אין וואַרעמער וואַסער, גוט אָפּרייבן און אָפּווישן, זיי זאָלן בלאַנקען ווי זילבער. אויסקערן און אָפּוואַשן דעם דיל.

אויף אַ ווייסער־טאַץ, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט לעבן פענסטערל אין אייז־שטיבל, האָט ער אָנגעגרייט אַן אויבערשטן און אַ הינטערשט שטיקל אָף, אַ שטיקל טשאָק, אַ שטיקל פלאַנקן, אַ פּאָר ריפּלעך און אַ ביסל צעמאָלן פלייש. ער האָט אָנגעזאָגט ליאָן די פּרייזן. טאָמער קומט „אַ יאַכנע“, זאָל ער פאַרקויפן נאָר פון דער טאַץ.

— וועסט ווערן פאַרטיק, פאַרשליס, גיי אַהיים, עס אָפּ און טו וואָס דו ווילסט. נאַדיר אויף מוּאַוויס און אייז־קרים.

ווען מר. קעץ איז אַוועק, האָט אים ליאָ נאָכגעקוקט אַביסל. אַז ער האָט אים שוין געזען ווייט, ווייט, אויף דער דריטער גאַס, האָט זיך ליאָ אַוועקגעשטעלט, געגעבן פריעד אַ פריידקוויטש, אַוועקגעזונגען אַ לידל, אויסגעדזשיגעט אַ טענצל. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט כיישעק און פרייד, וואָס ער

וועט האָבן אַ האַלבן טאָג פריי, ניט ווי אין לאַנדרי — אַ גאַנצן טאָג שוויצן.

---

ליאַ פליט אַרום מיט'ן וועלאָסיפּעדל, צעפירט אָרדערס פאַר די קוינעטעס: וועמען אַ פערטל אָף מיט אַ פונט קאַלב־פליש, וועמען אַ „ספּרינגל" מיט אַ פּאָר ריפּלעך. די גאַסן אַרום דער בוטשערסטאָר קענען שוין ליאַן. די ווייבער האַלטן פון אים — אַ וועלט. דער באַלעבאָס איז פון אים צעפרידן.

ליאַ האָט שוין אָנגעזאַמלט פיר און צוואַנציק דאָלער אין באַנק. זיך געקויפט אַ נייע פּאָר שיך און אַ קאָסטיום. ער האָט געקראָגן אַ סאַך נייע כאַווירים. מער פון אַלע האָט ער ליב געהאַט דעניין.

דעני, אַ בלאָנדער, זעכצן־יאָריקער דייטש. זיינע עלטערן האָבן אים געבראַכט אַ צוויי־יאָריקן קיין אַמעריקע. די מאַמע איז געשטאָרבן. זיין פאָטער איז אַ קראַנקער. איז דעני אַ פאָטער צו זיין דרייצן־יאָריק שוועסטערל העלען און אַ ברודער צו זיין טאַטן. ער פאַרדינט נאָך מערער ווי זיין פאָטער אין שאַפּ. ער איז אַ ציימונגס־פאַרקויפער. עטלעכע באַנאַכטיקע שטונדן שאַקלט ער זיך אין די וואַגאָנעס פון סאָבוויי, שרייט אויס די נייעסן, מענטשן ווילן וויסן באַנאַכט וואָס ס'וועט זיין מאָרגן אין דער ציימונג, צאָלן זיי מער ווי די רעגולערע פּרייז, — פאַרדינט דעני זיינע דרייסיק ביז פינף און דרייסיק דאָלער אַ וואָך.

ליאַ מיט דעניין זיצן אָפטלעך אויף דעם ראָג און שמועסן וועגן די אַמעריקאַנער גרויסע פּערזענלעכקייטן: דזשעק דעמפּסי, בעני לעאָנאַרד,טאָם מיקס און בייב רוט. דערביי קאָפּירן זיי יעדן מאַניער, יעדן ריר פון דעמפּסיס אַ באָקס און פון בענים אַ קנאַק. זיי גלאָנצן מיט די אייגעלעך און זשערן אַרויס: „בענג, בענג" און זעען אין זייער פאַנטאַזיע, ווי טאָם טראָגט זיך מיט'ן פערדל. די הערצלעך ציטערן בײַ זיי, אַטראַט־אַט, און מיקס קומט צופליען פונקט אין דער מינוט.

דעני האָט שוין פיל מאָל באַמערקט ליאַן, אַז ער איז אַ גוטער נאָכמאַכער. ליאַ וואָלט געדאַרפט זיין אַן אַקטיאָר. אָבער ליאַ לאַכט זיך אויס פון אים.

נאָר אַז ס'נעמט ליאַן קראַצן און בייסן פון די לעבעדיקע

באַשעפעניש, וואָס קריכן פון צווישן די פעדערן באַ די הינער צו אים איבערן לייב בעשאָס ער פליקט זיי: טראַכט ער, אַז ס'איז אַוואַדע בעסער צו טאָן אַ ריינערע אַרבעט, איידער צו זיין אַ „בוטשער־באָי". ליאָ דערמאָנט זיך אָבער אַז דער אַרבעט אין לאָנדרי, ווערט אים שוין גרינגער.

איין מאָל, ווען ליאָ מיט דעניז שטייען אַזוי אין מיטן גאַס און וואַרפן דעם באָל מיט געשמאַק, וואַרפן מיט פאַרמעסטעניש אַלאַ רוט, דערזעען זיי אַ קופּקעלע מענטשן זיך ראַנגלען אויף דער צווייטער גאַס. האָבן זיי איבערגעהאַקט די שפּיל און זיך אַהין אַוועקגעלאָזט.

אויפן ראָג איז געלעגן אַ בינטל שמאַטעס. ניט ווייט פון דעם האָט זיך געוואַלגערט אַ היטל. פון די שמאַטעס האָט אַרויס־געסטאַרטשעט אַ באַוואַקסן שטיק מענטשלעך לייב. אַ באַרג האָר האָט אַרויסגעשטעקט, שטיקלעך סימאָנעס פון אויגן און אַ נאָז האָבן אַרויסגעקוקט דורך די לענטעלעך גרויע האָר מיט בלוט באַרויטלט.

לעבן דעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אַ שיקערער און אַ צעהאַרגעטער, איז געשטאַנען אַ דעמבענער, אויסגעצויגענער בלויער מונדיר. פון אונטער זיין דאַשיק, פון באַהערבטן היטל, האָבן אַרויסגעבליצט צוויי שאַרפע אויגן, וואָס האָבן דערפילט געזעץ און אָרדענונג. דער פּאָליסמאַן האָט אַלע מאָל אַרויסגע־בורטשעט אַ וואָרט און דערלאַנגט דעם וואַלגערדיקן אַ שטורכע מיט'ן פוס.

דער שיקערער מאַן האָט זיך ניט געקאָנט אויפהויבן. ער האָט אַלע מאָל ווילד אויסגעבעלעבעטשעט אָפּגעהאַקטע ווערטער: ווייב... קינדער... אַרבעט... טייוול...

דער אַרומיקער אוילעם האָט געלאַכט, זיך געווערטלט, גע־וויצלט און געזשומעט איבער דעם פאַרבלוטיקטן.

ליאָ האָט דאָס צוגעזען און זיך איינגעהערט. אַ גרויל האָט זיך דורכגענאָדלט איבער זיין לייב. ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן די ווערטער פון זיינע עלטערן:

„אַלע מענטשן זיינען גלייך!"

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער מאַמעס מייסעלע וועגן בלאָנדן אינגל: „און ווען ער איז געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט ער געזען פאַר־

שידענע מענטשן, אָרעמע און רייכע האָט ער געפרעגט: „פאַר־וואָס?"

דעני האָט באַמערקט ווי ליאַ שטייט אַ פאַרטראַגענער, האָט ער אים אַ טאַרקע געטאָן:

— העי, ליאַ, וואָס טראַכסטו? קום בעסער שפּילן!"

ליאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון שלאָף. ער האָט אַרומ־גענומען דעניין כאַוועריש אַרום האַלדז און זיך באַ אים געבעטן: „ניין, דעני, כ'קען איצט ניט שפּילן. קום איך וועל דיר בעסער דערציילן מייסעס."

דעני האָט אַ צעפרידענער איינגעשטימט. ער האָט ליב צו הערן ווי ליאַ דערציילט. אַפּטמאָל קען זיך דעני שווערן אויף זיין ערן וואָרט, אַז ער זעט די מענטשן פון ליאַס מייסעס, ווי לעבעדיקע שטייען זיי פאַר זיינע אויגן.

---

ליאַ זיצט אויפן שטיינערנעם טרעפּל מיט פאַרמאַכטע אויגן. לעבן אים מיט איין פוס פאַרוואָרפן אויפן צווייטן, געפינט זיך דעני. אַרום זיי הענגען, האַלב אָנגעלענט, האַלב שטייענדיק, אַ גאַנצע כעווּרע אינגלעך פון די אַרומיקע גאַסן.

ליאַ דערציילט, קלאַפּט אויס אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, מאָלט אַרום, שטעלט פאַר די מענטשן מיט זייער אויסזען, זייערע קליידער און זייער גאַנג. די קינדער הערן זיך צו ערנסט און פאַרטיפט. ער דערציילט פון זיין טאַטן, ווי ער איז געלאָפן איבער שנייאיקע פעלדער פון סיביר. ער דערציילט פון זיין גוטער מאַמען, וואָס איז געשטאָרבן אין קאַליפאָרניע. ער שטעלט פאַר זיין שלעכטע מומען. ער באַקענט זיי מיט זיין ערשטן שלעכטן באַלעבאָס דעם לאַנדרימאַן. ער פירט פאַר זיי דורך טיפן פון ווייבער, ווי אַזוי און פון וואָס זיי רעדן.

אַזוי זיצן כעווּרע שטונדנווייז און הערן אויס ליאַס מייסעס. פאַרנאַכטלעך פאַרט דעני אַוועק צו זיין אַרבעט, אויסשרייען די נייעסן אין די וואַגאָנעס פון סאַבווי, קייקלען זיך פון איין וואַגאָן אין צווייטן און זינגען זיין לידל „מאָנינג־פּייפּ".

כאַווירים צעגייען זיך אײנציקווייז אַהיים, פאַרמאַטערטע פון שפּילן און לויפן. גייט זיך ליאַ צו זיין הויז מיט געציילטע טריט, מייסע גרויסער פאַרטראַכטער מענטש.

ער לייגט זיך פרי שלאפן. זעקס פארטאג דארף ער שוין זיין אויף די פיס. אין הויז פון זיין באלעבאס ליגט ער אפ שטונדן וואכעדיק. ער איז דאס אזוי מעקאנע דעניז. דעני איז א זעלבסט־שטענדיקער מענטש. ער פארדינט א סאך מער פון אים. ער זעט אזוי פיל פארשיידענע מענטשן אין די סאבוויים. א, ווי עס ווילט זיך אים זיין א ציימונגס־פארקויפער!

ער וואלט שוין וועלן פאטער ווערן פון איינזאמען בעטל, וואס דער באלעבאס האט געגעבן מיט ראכמאנעס־רייד, טוט אים א טויווע, גלייך ווי ער ארבעט ניט דערפאר.

ס'איז אים שוין נימעס געווארן צו באדן זיינע הענט אין בלוט פון פלייש און אין פעדערן פון הינער. עס קריכן אים שוין צוריק פון האלדז די גראגערייען פון די ווייבער. זייערע ציינישע רייד און שמייכלען זיינען אים שוין דערעסן. אלע ווייבער האבן בא אים איין פאנעם. ער האט זיי אזוי ליב, ווי זיין טייערע מומע גיטלען.

ווען ער שלאפט איין, זעט ער מאדנע פארפלאנטערטע כאלוי־מעס: ער פארט אין סאבוויי און שרייט אויס די נייעסן פון דער ציימונג. לעבן אים שטייט דעני און שרייט דאס זעלבע, נאר מיט אן אנדער קאל. פלוצים זעט ער זיין טאטע־מאמע זיצן אויף א באנק, כאפן זיי אים ארום און קושן אים: „ליא, וואו ביזטו געווען? וואס מאכסטו? מיר זיינען ניט געשטארבן. מיר לעבן און וועלן אייביק לעבן מיט דיר".

הויבט ליא אן צו וויינען פון גרויס פרייד. כאפט ער זיך אויף פון שלאף און דערזעט די פינסטערניש אין זיין צימער. ארום איז שטיל. ליגט ער, טראכט, טראכט און שלאפט איין.

זעט ער: א גאנצע מאכנע הינדעלעך לאזן זיך צו אים, מיט געציילטע העלדישע טריט, ווי די באנדע גאנאווים, וואס גייט מיט אנגעשטעלטע ביקסן און אויגן קעגן טאם מיקסן. די הינדעלעך הינקען אונטער אויף איין פיסל. די קעפלעך פארווארפן, נאקעטע, אן פעדערן, פון די העלדזלעך רינט זיי בלוט.

בא דער זייט פון דער הינדעלעך־ארמיי גייען־נאך, ווי באר־וואפנטע שאמרים, לעמעלעך, קעלבלעך און אקסן. די לונג־און־לעבערס הענגען אויף זייערע נעז. זייערע אפגעשיילטע פיס טראגן זיי אויף זייערע פלייצעס. פון זייערע פאכוועס שטעקן ארויס מעסערלעך, מעסערס, האקמעסערס און העק. אלע שרייען זיי:

„ליאַ, האָסט אונדז געקוילעט און צעשניטן, וועלן מיר דיך איצט קוילען"!

ליאַ ווערט אַ דערציטערטער. די אויגן פליען אים שיר ניט אַרויס פון שרעק. אינמיטן לויפט אַן מר. קעץ, זיין באַלעבאָס, מיטן ווייסן פאַרטעך און פאַרבלוטיקטן שטרויענעם קאַפעליוש. פריער הויבט ער אָן צו שרייען אויף דער ווילדער מאַכנע אויפעס און בעהיימעס, און אַז זיי דערשרעקן זיך ניט פאַר אים, גיט ער זיי צו פאַרשטיין, אַז ער איז ניט מער ווי אַ קאַצעוו, וואָס איז ער שולדיק אין זייער טויט, ווען די מענטשן וואָלטן קיין פלייש ניט געגעסן, וואָלטן די שאָכטעם ניט געקוילעט, וואָלט ער ניט געהאַקט.

און ווען די מאַכנעס דערנעענטערן זיך גאָר נאָענט צו אים, ווילן שוין אַראָפּלאָזן די העק אַף זיין קאָפּ, באַווייזן זיך פון **ערגעץ** זיינע עלטערן. טוליעט זיך ליאַ צו זיין מאַמען, ווייזט אָן אַף די צערייצטע, אויסגעקוילעטע, לעבעדיקגעוואָרענע אויפעס און בעהיימעס, וויל עפּעס דערציילן, עפּעס זאָגן, נאָר אים איז שווער, ער קען קיין וואָרט ניט אַרויסברענגען.

גייט צו זיין פאָטער נאָענט, לייגט אַרויף זיין האַנט אַף ליאָס פּלייצע. קוקט אים אַריין אין די אויגן טיף און באַפעלט: „ליאַ, גיי אין מיינע וועגן!"

כאַפּט זיך ליאַ אויף און דערפילט דאָס בעטל, דערמאַנט ער זיך, אַז ער איז אין הויז פון זיין באַלעבאָס.

באַשליסט ער: ער וועט רעדן מיט דעניז. ער וועט ווערן אַ צייטונג־פאַרקויפער. ער מוז זיך באַפרייען פון קאַצעוו, פון די אויפעס, פון די באַשעפענישן.

# אין סאָבוויי

ליאַ איז היינט אוועק אין בוטשער־שאַפּ מיט פעסטע, זיכערע טריט. אַז אויסגעוואָרעמטן שטאַרקן באַשלוס, אַ פּאַרטיקן, האָט ער געטראָגן מיט זיך. דעם קאָפּ האָט ער העכער געהויבן. די אויגן האָט ער ברייטער אָנגעשטעלט; ער וועט דעניז דערציילן, אַז ער קען שוין מער ניט אַרבעטן באַ פליישׁ. עס איז אים שוין נימעס צו פליקן די פעדערן פון די הינער. ער וויל און מוז ווערן אַ צייטונג־פּאַרקויפער. עס ציט אים דערצו. דעני דאַרף און מוז אים העלפן.

ליאַ האָט געאַרבעט מיט אַ באַזונדער לעבעדיקייט, מיט אַ מאַשינאַלער שנעלקייט. עס איז געווען דער דרויסנדיקער אָפּגלאַנץ פון אינערלעכער פרייד. דער קאַצעוו און די ווייבער, זיינען געווען צופרידן פון ליאַס יאַנטעווודיקייט. אַלץ איז באַ אים געגאַנגען פון דער האַנט. ליאַ האָט געציילט אַ מינוט נאָך אַ מינוט, אַ שטונדע. אַ שאָ נאָך אַ שאָ — דער טאָג גייט. די ווייבער אין געשעפט ווערן שיטערער. דאָס פליישׁ ווערט ווייניקער. שוין אַלע הינדלעך אויספאַרקויפט. דער באַלעבאָס גייט אוועק אין מאַרק אַריין. ליאַ ווישט די שפּיגלען פון די שאַפקעס מיט אָנשטרענגונג. ער רייבט און גראַבלט די אייזערנע בערשטלעך אויף די קלעצער מיט אַ זיגערישער פרייד. ער קערט מיטן בעזים די פּאָדלאָגע צום טאַקט פון זיין געזאַנג, זיין אונטערטענצל. אַלץ פּאַרטיק. ריין און שיין. און אָט זעצט ער זיך אוועק באַ דער טיר אויפן שטיינערנעם טרעפּל וואַרטן אויף דעניז. ער דאַרף מיט אים פירן אַ לאַנגן און וויכטיקן געשפּרעך. ער אַרבעט שוין אויס אַ פּלאַן אין זיין מויעד. ער וועט אים געבן צו פאַרשטיין אַזוי און אַזוי, דאָס און דאָס, און — „האַפּטשיק", קנאַקט ליאַ אויס מיט זיינע מיטלסטע און גראָבע פינגער, פייפט מיט די ליפּן אויס און ענדיקט מיט די פּיס אַרויס זיין פרייד. ער איז זיכער, אַז דעני האָט אים ליב. ער איז אַן עמעסער כאַווער.

נאָר — אַ וואונדער. ער האָט נאָך ניט אויסגעפּלאַכטן זיינע רייד, וואָס ער וועט אָנברענגען צו באַווירקן דעניזן; ער איז

געזעסן אויפן טרעפּל און זיך געקראַצט לעבן רעכטן אויער; א וואָרט האָט זיך ערגעץ פאַרהאַלטן, א פּאַסיק געדאַנקעלע האָט זיך דאָרטן־וואו פאַרטשעפּעט, — און דעני לויפט שוין, שפּרינגט אונטער פריילעך, טראָגט א שמייכעלע אויף די ליפּן.

ליאַ האָט זיך דערפרייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו באַגריסן זיין כאַווער. דעני איז צוגעלאָפן א פאַרסאַפּעטער, א פאַרשמייעטער. ער האָט גלייך אָנגעהויבן מאַלן מיט די ליפּן. ער האָט אויסגעשאָסן טוצן ווערטער מיטאַמאָל. קליאַפּ־קליאַפּ־קליאַפּ, ווי א שרייב־מאַשין. ער האָט שנעל אַרויסגעוואָרפן זיינע געדאַנקען, פאַר מוירע, ער זאָל זיי אפּאַנים ניט פאַרלירן אויפן וועג פון מויעך אין מויל אַריין: „ליאַ, זייער א נויטיקע זאַך צו דערציילן, איך און פּאַפּע האָבן באַשלאָסן זאָלסט איבערגיין צו אונדז אין הויז. וועסט שלאָפן מיט מיר, עסן מיט מיר, פאַרקויפן צייטונגען מיט מיר".

ליאַ איז געבליבן שטיין א צעטומלטער פון אַזוי פיל פרייד מיטאַמאָל. ער האָט אַרומגעכאַפּט דעניז און זיך דריי מאָל מיט אים צעקושט.

א פרוי, וואָס איז אָנגעקומען נאָך א האַלב פונט האַק־פלייש, האָט זיך צעלאַכט. ליאַ איז א פאַרשעמטער אַריין אין קראָם און אויף גיך איר דערלאַנגט דאָס פלייש, אָפּגעפּאַטערט. דערנאָך האָבן זיך ביידע כאַווירים אַרויפגעזעצט אויף דער סטאָיקע. ליאַ האָט אים דערציילט זיינע כאַלוימעס און זיינע פּלענער. דעני האָט אים דערציילט, ווי אַזוי ער איז נעכטן געפאַלן אויף אָט־דעם פּלאַן: פּלוצים, אַזוי ליגנדיק האָט ער זיך דערמאָנט אַז ליאַס א מייסע. האָט זיך אים זייער שטאַרק אָנגעהויבן צו ביינקען נאָך זיין כאַווער. ער וואָלט געגעבן א מיליאָן דאָלער, ווען ער דערזעט אים אין יענעם מאָמענט. האָט ער געגעבן דריי קלעפּ אין שטערן. ער האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף זיין מאַמעס פאַרטרעט, וואָס הענגט איבער זיין בעטל. דעני האָט ניט קיין מאַמען. ליאַ האָט ניט קיין מאַמען. צוויי עמעסע כאַווירים. ער האָט דערציילט זיין פּאַפּען פון זיין פּלאַן. דער אַלטער האָט געשמייכלט און איינגעשטימט. דער אַלטימשקער האָט אויך ליב צו הערן ליאַס מייסעס.

ליאַ האָט פאַרפּאַקט זיינע זאַכן אין צוויי קלומקעס. איינעם האָט ער גענומען, דעם צווייטן האָט געטראָגן דעני. ליאַ האָט געהאַלטן די פעז אין זיין האַנט און געטראַכט, וואָס פאַר א טרעץ

אָנצושרייבן זיין באַלעבאָס, פאַרוואָס ער פאַרלאָזט אים אומגע־ריכטערהייט. דעני האָט אים געאייצעט, ער זאָל אים איבערלאָזן אַן ענגלישן „גוטן טאָג רעב איציק‟: „מר. קעץ, גודביי, איך וועל אייך זען זונטיק אין קלויסטער, ליאָ‟. און — פאַרטיק. ליאָ האָט אָבער ניט געוואָלט. האָט ער אָנגעשריבן, אַז ער מוז פאָרן קיין באָסטאָן צו זיין פעטער, ער האָט געקראָגן אַ טעלע־גראַמע. זיי האָבן פאַרשלאָסן די קראָם, אַריינגעוואָרפן דעם שליסל דורכן פענצטער און אַוועק מיט אַ געלעכטער צו דעניס הויז.

עמעס, די ווענט פון דעניס צוויי צימערלעך שלאָגן מיט אַ קאַלטקייט און נאַסקייט. אַ מאָדנער רייעד, ווי פון איטאַליענישן פאַרשימלטן קעז, שפּאַצירט אַרום איבערן שטוב. ליאָ האָט פיינט דעם הילצערנעם גאָט, וואָס הענגט אין ווינקל אין אַ ראַמקע און ער לאַכט פון די שטילע טפילעס, וואָס דעניס טאַטע שושקעט אים אַריין. ער האַלט ניט פון דעניס שוועסטערל העלען, אַז אויס־געצויגן בלאָנד מיידל, וואָס בלאָזט שטאַרק פון זיך. ער האָט אין איר דערקענט אַ קאָפּיע פון איר טויטער מאַמען. אָבער ווען ער און דעני ליגן זיך אַוועק אין בעטל, קוקן און שפּייען אויף דער סטעליע, פאַררויכערן סיגאַרעטלעך מיסע גרויסע מענטשן, ציילן איבער זייערע פאַרדינסטן, — איז ווער זשע איז גלייך צו זיי?

ביידע האָבן זיך געקליידעט אין קאָסטיומלעך, שיך און קאַ־פּעליושן פון איין קאָליר און מאָדע. צוזאַמען זיינען זיי געגאַנגען אין מואווים, טעאַטער און ספּאָרט־פּאַרוועטן. אויף די ראָגן האָבן זיי זיך שוין פאַרטשעפּעט מיט מיידלעך. די מיידלעך פון די אַרומיקע גאַסן האָבן זיי געקענט. זיי האָבן געוואוסט אַז דעני מיט ליאָן פאַרדינען שיינע סכירעס און זיינען וואוילע און שיינע יונגען. אין דעניס נעשאָמע איז געלעגן צעשפּרייט די רויקייט פון דער אַמעריקאַנער סוויווע. אָבער אין ליאָס האַרץ איז פאַרגעקומען אַ מאַכלויקע צווישן די זיכרוינעס פון זיינע עלטערן און דער גרינגער שפּילעוודיקייט פון פוסטן אַרומיקן פּוץ. אַ שטורעם האָט זיך באַ אים אין קאָפּ אָנגעזאַמלט און אָנגעהויבן זידן, זידן. וואָס, האָט ליאָ נאָך באַשטימט ניט געוואוסט. נאָר דאָס אומבאַשטימטע, די ניט־קלאָרקייט, דער פאַרנעפּלטער ע פּ ע ס האָט ליאָן ענג געהאַלטן פון באַווירקט צו ווערן. ער האָט דעניין אויך פאַרהאַלטן ניט דערטרונקען צו ווערן אונטערן איינפלוס פון מיידלשן טאַנץ.

די צייט פון פארקויפן צייטונגען אין סאבוויי איז בא אים געווען א יאָנטעוודיקע. לעבעדיקע וועלטן ציען זיך דורך זיינע אויגן. עמעס, ער שרייט טאקע אויס מיט א הויכן קאָל די נייס פון טאָג. ער רופט אויס די נעמען פון די בלעטער. ער ווארפט מיט די אויגן צו א קוינע. ער דארף דערלאנגען די צייטונג און ארויסגעבן רעשט; אָבער אין דערזעלבער צייט זעט ער אזוי פיל מענטשן: מענער, פרויען, און קינדער. פארשיידענע פעלקער און אלערליי פארבן: שווארצע און געלע, רויטע און ווייסע. יעדער מענטש א וועלט. אַן אויג — אַ ווערק. אַ נאָז — א צייטונג. און ליאָ קען לייענען פענעמער. ער קען אייך זאָגן, אָט אזוי קוקנדיק פון מענטש צו מענטש, וואָס זיצן אָדער שטייען אין די וואַגאָנעס פון סאָבוויי, ווער ס'איז אן ארבעטער, ווער ס'איז אן אַגענט, ווער — א סויכער, לערער אָדער גלאט א לײדיקגייער. ער קען זיי, די פארשוינען. ער ווייסט זיי, די פאסאזשירן.

און בײנאכט פלעגט ער ליגן מיט דעניז אין בעט און אים דערציילן מייסעס: א מייסע וועגן א נעגער מיט א לאָפּעטע. א מייסע פון א שיקערן איטאַליענער מיט א לאנגן שארפן מעסער. א יונג פעט סויכערל מיט א ברויגעס ווייבל. א לאנגע נאָז מיט א טשעריק אויף דער רעכטער באַק.

דעני פלעגט לאכן מיט אַפּעטיט. דעני ווייסט אז אלעס, וואָס ליאָ דערציילט איז עמעס, ער אליין האָט באַגעגנט די אלע פאַר־שוינען. נאָר די מייסעס מיט די וויצן, וואָס ליאָ טראכט צו זיי צו, מאכן זיי גאָר אנדעריש אויסזען.

איינמאָל איז דעני געשטאנען אויף דער צוויי־און־פערציקס־טער גאַס־סטאַנציע און געווארט אויף ליאָן. ער האָט שוין אויס־געפארקויפט אלע צייטונגען און זיך אָנגעשפּארט צו דער וואַנט א מידער און געטרוימט פון זיין בעטל, וואו ער וועט אויסרוען זיינע ביינער. דער זייגער גייט און ליאָ באווייזט זיך ניט. ניט ליאָס טעווע! ליאָ פלעגט שטענדיק זיין פּאַרטיק מיט די צייטונגען פאר דעניז און ווארטן אויף אים עטלעכע מינוט. וואָס זאָל האָבן מיט ליאָן געשען?

אַלע מאָל לויפט אָן א באַן, צעבלאָזט זיך און צעזיט זיך, צעעפנט די טירן, שפּייט אויס די מענטשן, שלינגט איין אַנדערע פאסאַזשירן, פארשליסט זיך און — פיוווו — לאָזט זי זיך אוועק אין די אונטערערדישע וועגן.

מענטשן גייען ארויס און אריין. אין געפלאכטענע וועגט טראָגן זיי זיך ארויף און אראָפּ די טרעפּ. פרעמדע איינער צום צווייטן, אזוי נאָענט, פּאָנעם צו פּלייצע, אלע מיט איין אינטערעס: צו דער באַן — פון דער באַן.

און ליאַ איז אלץ נישטאָ. דעני איז ארויס פון געדולד. ער האָט באַבליקט די פּאַסאַזשירן גלאָט אזוי זיך, פון ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן: אַ נעגער האָט געדרימלט אויף אַ באַנק. צוויי מיידלעך האָבן פאַרענדיקט אַ טענצל, ווייזט אויס פון זייער אַ פרייִלעכן פּלאַץ געקומען, אַ יונגערמאַנטשיק מיט שווארצע וואָנצעלעך האָט געבלאָזן רויך, רויך, שנעל־שנעל, אָן אויפהער, געדרייט זיך אהין און אהער און געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט.

ס'האָט זיך דערהערט דער געקלאַפּ — אָנזאָג פון סאַבוויי: טאַק־טאַק. דעני האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט אַ באַשלוס: קומט ליאַ ניט אָן מיט ד ע ר באַן — גייט ער אהיים.

פּאַפּפּפּ, קירליאאו־ר־ו, פּופּפּפּ! די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דעני וואַרפט מיט די אויגן אהין און אהער, אהער און אהין. ליאַ זעט זיך ניט. נאָר פון דער זעקסטער טיר גייט עפּעס ארויס אַ באָכער, אַ פּאַרטרויערטס, אַ פּאַרטראַכטס, ער קוקט אויס, מיטן גאַנג און מיט די קליידער, ווי ליאַ. נאָר ער טראָגט אויפן קאָפּ אַ יאַרמולקעלע, אַ ווייסע, אַ מאַטראָסן־היטל. דאָס אינגל שטעלט זיך אָפּ, קוקט איןביידע זייטן, עפנט אַ שמייכל קעגן דענין און לאָזט זיך צו אים. דעני קוקט אויף אים טיפער, דאכט זיך, יאָ, יאָ, ס'איז ליאַ.

דעני איז צוגעלאָפן צו ליאַן מיט אַ קאַעס, ווי אָן אָנגעדראָדלטער האָן: „וואָס, צום טייוול, איז מיט דיר געשען, וואו ביזטו פאַרפאַלן געוואָרן, ביזט שוין געוואָרן אַ מאַטראָס? צי עפּשער ביזטו זיך דערוויל דורכגעשוואומען אויפן יאָם?"

ליאַ האָט אים איינגעשטילט מיט אַ שמייכל, ארומגעשלענגלט דענים האַלדז מיט זיין לינקער האַנט און אים דערציילט אַ לאַנגע מייסע:

אויף דער הונדערט־און־פינף־און־צוואנציקסטער גאַס־סטאַנציע איז ער שוין געווען פאַרטיק מיט אלע ציימונגען און שוין געטראַכט פון זיין באַגעגעניש מיט דענין. פּלוצים האָבן זיך אריינגעקאַטשעט דריי מאַטראָסן. זיי זיינען געווען טויט־שיקער. זיי האָבן געזונגען און געראַכערט סיגאַרעטלעך. פּונקט לעבן

ליאָן האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט. איינער האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיראָס און אים געהייסן רויכערן. האָט ליאַ אים דערקלערט, אַז אין סאָוויעט־פֿאַרבאָטן צו רויכערן. די דריי מאַטראָסן האָבן זיך אַזוי הויך צעלאַכט, אַז אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אומגעקוקט און אויך מיטגעשמייכלט.

זיי האָבן זיך געהוידלט. די באַן האָט געטרייסלט, און דאָס שיקרעס האָט זיי געוואַקלט. און ווייזט אויס, אַז מאַטראָסן מאַכט עס ניט מיד. ווען די כוואַליעס פֿון אָקעאַן צעשפּילן זיך, בערגלעך און טאָלן זיך, שטעלן אויף ווענט און מויערן פֿון טראָפּנס, וואַרפֿן די שיף, ווי די קינדער — אַ שפּילכל, — דעמאָלט דערפֿילן די מאַטראָסן זייער העלדישקייט, זייער שליכעס.

אָבער שטאָט, מענטשן, באַן, געזעץ, — צום טייוול מיט אַלע און אַלעמען. זיי ווייסן פֿון אַנאַנדער מעדינע, זיי לעבן אין אַן אַנדער וועלט; אַ פֿרייע, אַ ברייטע, הימל און וואַסער, יאַם און שטערן, זון, זון, זון.

איין מאַטראָס האָט אָנגענומען ליאָן באַ די הענט, דער צווייטער האָט אים אַריינגערוקט דעם סיגאַרעט אין מויל און דער דריטער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און באַפֿוילן: „רויכער". האָט ליאַ גערויכערט, די מאַטראָסן האָבן זיך נאָך העכער צעלאַכט, אים געקלאַפּט אין פּלייצע און זיך נאָך הילכיקער צעזונגען.

דער קאָנדוקטער איז צוגעגאַנגען און זיי געמאַכט אויפמערקזאַם אויף אַ נאָטיץ: „פֿאַר רויכערן אין סאָבוויי קען מען באַשטראָפֿט ווערן מיט אַ יאָר טורמע. פֿינף הונדערט דאָלער, אָדער בײדע צוזאַמען".

די מאַטראָסן האָבן זיך אויסגעלאַכט פֿון קאָנדוקטער, אים אַראָפּגערוקט דאָס היטל ביז איבער די אויערן. איינער האָט געהאַלטן פֿאַר אים אַ דראָשע: „ווער האָט אויפגעהאַנגען אויף די ווענט אַזאַ געזעץ? דו ווייסט ניט, האַ? די באַלעבאַטים דײנע פֿאָרן ניט אין די שטינקענדיקע וואַגאָנעס. זיי קייקלען זיך אויף ווייכע געזעסן אין שיינע אָטאָמאָבילן. אין דער נאַכט־צייט, ווען דו עפּנסט און פֿאַרמאַכסט דאָ די טירן, וואַלגערן זיי זיך דאָרטן אויף בראָדוויי און הוליען אויס אַ כאַזערשן טאָג; באַטאָג דרייען זיי זיך אויף וואָל־סטריט בירזשע און מאַכן גאָלד פֿון פּאַפּיר...."

נאָר ווייטער האָט ער שוין ניט גערעדט. פֿון צוויי ווינקלען האָבן זיך אויפֿגעהויבן אַ פּאָר פֿאַרשוינען, הויכע מיט געניווישע

איינגעלעך און פראַנצויזישע וואַנצעלעך. זיי האָבן זיך צוגעוואַקלט צו די מאַטראַסן און אויפגעפּנט זייערע רעקלעך. דער פּאָליציאַי־שער צייכן האָט אַ גלאַנץ געטאָן. צוויי געהיים־אַגענטן, אָרדנונג־היטער, האָבן שטאָלענע מיילעכלעך באַוויזן. איינער האָט פון זיינע ליפּן אויסגעציילט: „פאַרמאַך דיין מויל, דו שמוציקער אויס־וואורף, אַנאַרכיסט וואָס דו ביסט!"

אויף דער זעקס־און־אַכציקסטער גאַס־סטאַנציע, האָבן די צוויי קאָנאַקערס ארויסגעפירט די מאַטראַסן און ליאָן געהייסן נאָכ־גיין. ליאָ איז אַ דערשראָקענער נאָכגעגאַנגען. דער מאַטראַס, דער רעדעוודיקער, האָט זיך אויסגעקירעוועט מיטן פּאָנעם צום קאָנ־דוקטער, וואָס איז געשטאַנען צווישן צוויי וואַגאָנעס און געקוקט, צי ער קען שוין פאַרמאַכן די טירן. דער מאַטראַס האָט אים גע־זידלט, זיך געקאַעסט אין רעציכע: „דו פּאַסקודנער שקלאַף איינער, דו פאַרקויפטער שמוציקער הונט!"

די טירן האָבן זיך פאַרמאַכט. די רויטע לעמפּעלעך, אונטער די דעכעלעך, האָבן זיך אויסגעלאָשן — אַ סימען, אַז מען מעג שוין פאָרן. ווען די באַן האָט זיך גערירט, האָט זיך דער קאָנ־דוקטער צעלאַכט. דער מאַטראַס איז אַן אויפגעקאָכטער געוואָרן, ער האָט זיך אַ לאָזגעטאָן צו כאַפּן דעם טירן־שוימער באַם גאַרגל.

נאָר אייזן און שטאָל און עלעקטרישע קראַפט איז שטאַרקער פון מענטשן, אַ ווילדער געקוויטש האָט זיך צעהילכט. פלייש און ביינער האָבן זיך צעריבן און צעקוועטשט אונטער די רעדער. בלוט צעשפּריצט. פרויען האָבן געכאַלעשט. די באַן האָט זיך אָפּגע־שטעלט. שטיקער־ווייז האָט מען אַרויסגעשלעפּט דעם צעבראָכטן מאַטראַס. צוויי מענטשן אין ווייסע כאַלאַטן זיינען אַרויסגע־וואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד. זיי האָבן פאַרנומען די טיילן פון טויטן און זיך אָפּגעטראָגן. די איבעריקע צוויי מאַטראַסן און די צוויי אַגענטן זיינען ערגעץ אויסגעטריקנט געוואָרן. לעבן גראָבן סלופּ האָט זיך געוואַלגערט דאָס ווייסע היטל פון מאַטראַס, ליאָ האָט געכאַפּט דאָס היטל און אריין אין נעקסטן וואַגאָן.

ליאָ האָט פאַרענדיקט די מייסע אויף דעם בעטל. דעני האָט זיך איינגעהערט מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס און האָט אַלעמאָל אַרויסגעצאַרנט: „דזשיזוס קרייסט, גאָדעמיט". ערשט אין בלאָסן פאַרטאָג זיינען זיי איינגעשלאָפן.

# ביכלעך

צוויי טעג שוין, אז ליאָ מיט דעניז מיט אַלע צייטונג־פאַרקויפער זיינען זייער פאַרנומען. מ'רעדט, מ'טומלט. די בלעטער פליען פון די הענט, ווי האַלעשקעס. מענטשן פאַרגעסן צו נעמען רעשט: גענעראַל סטרייק אין ענגלאַנד, לאַנדאָן איז טויט!

ליאָ ווייסט אַליין ניט וועגן וואָס, נאָר עפּעס איז ער אַזוי אויפגעלייגט. פרייד, פולע הויפנס פרייד טאַנצן אַרום. אין זיין נעשאַמע ברויזט עפּעס. אַ יאָנטעוודיגקייט פליסט איבער די בריגן פון זיין האַרץ. זיין פּאָנעם איז פאַרפלאַמט. זיינע אויגן פינקלען, שיסן, שפּריצן פייער.

בײַ דעניז אין הויז איז אַ סימכע. טאַטע און העלען כאַפּן אַ טענצל. דעני מיט ליאָן זיצן בײַם טיש אויסגעצויגן, שטאָלצע העלדן פון מאָמענט. העלענע, דעניס שוועסטער, בעט בײַ אים, ער זאָל קויפן אַ גראַמאָפאָן. דעני זאָגט צו מיט אַ מאַד, ווי איינער רעדט: „מיר וועלן שוין אַלעס קויפן!”

אין די צוויי טעג האָבן די צוויי יונגע צייטונג־פאַרקויפער אַ היים־געבראַכט פינף און ניינציק דאָלער מיט זעקס און אַכציק סענט. ליאָ מיט דעניז האָבן געקנייטשט מיט די פּלייצעס און גע־לאַכט: „פון וואַנען קומט אַ פּעני אַהער, כאַ־כאַ־כאַ!” דעני האָט געוואָלט דעם איבעריקן סענט אַרויסוואַרפן דורכן פענסטער, גלאַט אַזוי זיך, מייסע ספּאָרט, נאָר דער טאַטע האָט פאַרהאַלטן די האַנט, צוגענומען די פּעני און זי אַריינגעוואָרפן אין אַ פּושקע: „אויף אַ רעגנדיקן טאָג”. ליאָ מיט דעניז האָבן זיך איבערגעקוקט: „יאָ, דער אַלטער איז גערעכט”.

ליאָ מיט דעניז זיינען געלעגן אויפן בעטל און גערעדט און געגורגעט אַז אַז אויפהער. זיי האָבן דורכגעוואָרפן אַלע פּלענער, וואָס זיי קענען דורכפירן מיט זייער קאַפּיטאַל. זיי האָבן אויסגע־כעזשבנט, וויפיל זיי קענען פאַרדינען, אויב דער סטרייק זאָל אָנהאַלטן אַ וואָך, צוויי. פּלוצים האָט דעני צוגערוקט זיין נאָז נעענטער צו ליאָן, אַנגעוויזן דעם פראָגע־צייכן, וואָס האָט זיך

אוועקגעשטעלט פּאַפּערעק אין זיין מויעד: „איינגנטלעך, ליאָ, פאַרשטיי איך נישט, וואָס ס׳קומט דאָרטן פאָר אין ענגלאַנד. קענסט מיר ניט דערקלערן?"

ליאָ האָט זיך צעשמייכלט, ווי אַ טאַטע, ווען ער ענטפערט זיין קינד: „וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט. די אַרבעטער סטרייקן, זיי ווילן ניט אַרבעטן". דעני האָט זיך געכידעשט: „וואָס הייסט זיי ווילן ניט אַרבעטן? זיי זיינען משוגע געוואָרן? פון וואַנען זשע וועלן זיי האָבן צו קויפן ברויט און קליידער?" „ביסט אַ נאַר, מ׳סטרייקט אַנטקעגן די באַלעבאַטים צו קריגן מער געצאָלט און אַרבעטן ווייניקער שטונדן", האָט זיך ליאָ פּאַשעט גערעדט.

„נו, וועלן זיי נאָכגעבן ?—האָט זיך דעני געקראַצט אונטערן אָרעם. — „איך ווייס, גיי פרעג זיי", האָט ליאָ עפּעס געוואָלט פאַרענדיקן דעם שמועס. ער האָט געפילט אַז ער אַליין בלאָנדזשעט אויך אין זיינע ענטפערס. פאַר אים איז אויך דער איניען ניט קלאָר: וואָס הייסט, מ׳שטעלט אָפּ אַלע באַנען, מינען, עלעקטריק? וואָס פאַר אַ פּאַנעם וואָלט ניו־יאָרק געהאַט, אַ שטיינער, ווען עס טרעפט זיך אַזאַ גענעראַל־סטרייק? ניין, אין ניו יאָרק אַ פינסטערניש, אַ שטילקייט, ער קען זיך עס ניט פאָרשטעלן.

נאָר פאַר וואָס כאַפּן די ניו־יאָרקער מענטשן אַזוי ציימונגען? וואָס געהער זיך עס אָן מיט זיי? פאַרוואָס האָבן בײַ אייניקע פּאַסאַזשירן פון סאָבוויי געפינקלט די אויגן, ווען זיי האָבן געלייענט וועגן גענעראַל־סטרייק, און פאַר וואָס האָבן אַנדערע געקריצט מיט די ציין? אַ טייל מענטשן האָבן טאַמעוואַטע געקוועטשט מיט די פּלייצעס. ס׳איז פאַר זיי אויך ניט געווען קלאָר די גאַנצע זאַך, ווי פאַר ליאָן מיט דעניין. ער וועט מאָרגן איבערפרעגן, אַזוי האָט ער באַשלאָסן, איבערלייענען די גאַנצע צייטונג. עס מוז אים ווערן קלאָר.

* * *

ליאָ מיט דעניין זיינען געלעגן אויפן טיש איבער די צייטונגען. מ׳האָט געלייענט און געלייענט און נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען. ווייסט עס דער טייוול, עפּעס גאָר אַן אַנדער שפּראַך אויף די זייטן פון דער צייטונג. דעני מיט ליאָן זיינען צוגעוואוינט צו דער גאַסן־שפּראַך. זיי לייענען גוט די „דזשאָוקס", אָבער אַזעלכע מאָדנע לאַנגע פרעמדע ווערטער, ווי זיי האָבן באַגעגנט אין די באַריכטן

פון גענעראַל־סטרייק אין ענגלאַנד, האָבן זיי אפילו אין פּאַבליק־סקול ניט געלערנט.

בײַ טירן און טויערן, אויף גאַסן און ווינקלען קרייזלען זיך מענטשן און מע זשומעט: „סטרייק, סטרייק". ליאַ מיט דעניז האָבן אין יעדער קאָפּקע מענטשן אַרײַנגעשטעקט די נעז, אָבער ס'איז זיי אַלץ ניט קלאָר געוואָרן.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. דעניז מיט ליאַן האָבן זיך אוועקגע־לאָזט נאָך צײַטונגען, ווידער זיך הוידלען און קײַקלען אין די וואַגאָנעס פון סאָבוויי.

* * *

ליאַן האָבן אויסגעפעלט הענט. ער האָט ניט געהאַט קיין צײַט צו ענטפערן און אַרויסצאָלן. ער האָט געהאַלטן אין איין אויס־שרייען די סענסאַציע פון טאָג. אַלע מאָל האָט ער גענומען אַ פּעקל פון פּופּציק, הונדערט צײַטונגען און פאַרקויפט.

ס'איז שוין געווען אַרום איינס בײַנאַכט. די פּאַסאַזשירן אין די וואַגאָנעס זײַנען געוואָרן שיטערער. נאָר פון גרויסע סטאַנציעס האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט בינטלעך מענטשן און זיך צעזעצט. ס'איז געווען פּלאַץ פאַר יעדן.

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער פערצענטער גאַס. די טירן האָבן זיך נאָך ניט געעפנט. פון דער פּלאַטפאָרמע האָבן זיך געהערט הילכיקע שמועסן און געלעכטערס. אַ מאַכנע יונגוואַרג איז פון ערגעץ אָנגעקומען. די טירן האָבן זיך צעפּראַלט, מיט געשטופּערײַ האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ כאַפּטע אינגלעך מיט מייד־לעך, אייניקע איבערן אַנדערן, ווי ווילדע לאַשעקעס.

ליאַ האָט אויף זיי געקוקט מיט קינד־אויגן. ער האָט געזען אויף זייערע פּענימער צעלייגט אַ גרויסע פרייד. זייער מאָדנע אַנטועכץ האָט געוויזן אַ ביסל פאַרעמדקייט. אויף זייערע בלוזקעלעך האָבן זיך געגעסטלט בלימעלעך און שפּילקעלעך־פאָטאָגראַפיעס, ווי פליגעלעך. זייערע פאַרשיידענע שפּראַכן האָבן אים צעטומלט. בלויז אייניקע אָפּגעהאַקטע ענגלישע ווערטער האָבן זיך צוגעטראָגן צו זײַנע אויערן.

אינמיטן דער מאַכנע איז געשטאַנען אַ שוואַרץ־כיינעוודיק מיידל און געאַרבעט אויף אַלע קיילעס: דעם געענטפערט מיט אַ האַנט, יענעם — מיט אַ פוס, געשאָסן מיט די אויגן, און דאָס

פּיסקל, ווי אַ מילכל, האָט געמאָלן און געמאָלן. פּלוצים האָבן זיך אירע אויגן פאַרטשעפּעט אין ליאַס בליקן און ניט געוואָלט אָוועק, כאָטש גיב זיי ווייסעד וואָס. ליאַ האָט געקוקט אויף איר און געוואָלט אויסגעפינען וואָס זי וויל.

דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעטשעפּעט פון דער כעוורע און זיך געלאָזט מיט ניט־זיכערע טריט צו ליאַן. זי איז צוגעגאַנגען צו אים נאָענט און זיך געווענדט: „אַנטשולדיקט, איז אייער נאָמען ליאַ?" ליאַ האָט זיך אַביסל פאַררויטלט, פאַרפּגעלאָזט די אויגן און זיי צוריק אויפגעהויבן: „יאָ, מיין נאָמען איז ליאַ. אָבער ווער זענט איר, ווי אַזוי ווייסט איר ווי מ'רופט מיך?"

דאָס מיידל האָט זיך צוגעזעצט און אים דערמאָנט: ווען זיין מאַמע איז געשטאָרבן, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע מישפּאָכע. איז זי דעמאָלט געווען מיט איר מוטער. און פון דאַן געדענקט זי אים, ווי ער האָט געקלאָגט, און זי האָט אַזוי ראַכמאָנעס געהאַט אויף אים. אוי האָט זי דעמאָלט געוואָלט וויינען! אַזוי יאָמערן, ווי אַ קליין קינד. נאָר פון דעמאָלט אָן ווייסט זי ניט, וואו ער איז אַהינגעקומען. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געהערט פון איר מאַמען, ווי זי האָט דערציילט, אַז ליאַ איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן.

זי איז ניט געווען זיכער, צי דאָס איז ליאַ. אָבער ווען ער האָט מיט זיינע אויגן אַ בליק געטאָן אויף איר, האָט זי זיך באַלד דערמאָנט אָן אים.

זי, פרענסיס, אַזוי הייסט זי, איז זייער און זייער צופרידן, וואָס זיי האָבן זיך באַגעגנט. זי וויל אים זען אָפטער. ער זאָל קומען אונבאַדינגט צו זיי אין הויז. זי האָט אים געגעבן איר אַדרעס און געצומען זיינעם.

* * *

ליאַ איז געלעגן אויפן געלעגער און געערעדט מיט דעני. ער האָט אים אויסדערציילט און באַפּוצט זיין באַגעגעניש מיט פרענ־סיסן. זי איז זיינע אַ קרויווע. ליאַ בעט זיך באַ דעניז, ער זאָל מיטגיין מיט אים צו פרענסיסן. אָבער דעני איז אויך ניט קיין יאָלד. ער דערקלערט אים, אַז עס פּאַסט ניט דאָס ערשטע מאָל. זאָל ער אַליין פאָרן מיט גליק. שפּעטער וועט דעני זען.

דעני איז אַנשלאָפן געוואָרן. ליאַ איז נאָך געלעגן און געטראַכט. ער האָט אויסגעטרוימט שיינע פאַנטאַזיעס וועגן זיין נייער באַקאַנטער פרענסיס.

מאנטיק, צוועלף באטאג. ליא און פרענסים לאזן זיך אראפ אין קראטאנא פארק. די ביימער שטייען שטיל. קיין ווינטל איז ניטא. וואו־ניט־וואו, אויף די בערגלעך, אויף פעלזלעך, זיצן איינציקע און צווייאיקע מענטשן. ווער עס לייענט א צייטונג, ווער עס קוקט אריין אין א בוך. איינציקע בלאזן גלאט רויך צום הימל און געניצן.

ליא און פרענסים האבן זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק אין דער „רוסישער אלייע". אנגעהויבן האבן זיי, ווי געווייגלעך, מיט א ווארט, א פראגעלע וועגן ארבעט, היימישע איניאנעם. שפעטער איז מען אוועק אויף ערנסטע וועגן.

פרענסים האט אים דערקלערט די באדייטונג פון ענגלישן גענעראל־סטרייק. זי האט אים דערציילט פון דער ארבעט פון די קאמוניסטן, פון איר אקטיוויטעט אין דער „יאנג ווארקערס ליג".

זי האט אים דערציילט וועגן אן ארבעטער־קלאס, וועגן וואל סטריט בירזשע, וועגן דער רעגירונג. זי האט אים אויך דערציילט פון א באפרייטן לאנד. דארטן, וואו די ארבעטער און פויערים האבן די מאכט און פירן דאס פאלק צו א פולשטענדיקער באפרייאונג, פון נויט און ליידן.

ליא האט פארשטאנען און געפילט פרענסיסעס רייד. ער האט געהערט ווי יעדער קלאנג, וואס גייט ארויס פון איר מויל, באהעפט זיך מיט א קלאנג אין אים. דארטן, ערגעץ, טיף אין זיין הארצן, אין זיין נעשאמע, עפענען זיך קוואלן פון דערמאנונגען וועגן זיינע עלטערן. עפעס זינגען די קלאנגען, טענער, ווערטער זייער ענלעך. עפעס טרעפט פרענסים פונקט צו יעדער זאך.

אירע געדאנקען זיינען אריינגעפליגן צו אים אין מויעד מיט פרייד, ווי זינגענדיקע פויגלען, וואס זאגן אן גוטע פסורעס. ליא האט אויך דערציילט פרענסיסן פון זיין לעבן. דערציילן האט ער געהאט א סאך. און דערציילט האט ער שיין. פרענסיסן איז דאס זייער געפעלן. איר איז אריינגעפאלן א געדאנק: זי וועט אים אריינציען אין דער ארגאניזאציע פון דער יוגנט. ער וועט זיך אויסטויגן.

ליא האט פלוצים באמערקט, אז די נאכט איז מיט אמאל צוגעפאלן. אט־אט באדעקט זי מיט פינסטערניש דעם הימל מיט דער ערד. ס'האט זיך אים געדאכט, אז נאך קיינמאל איז די נאכט אזוי פרי ניט אנגעפאלן. וואוהין איז די צייט אוועק?

אז כיישעק האט ער זיך געזעגנט מיט פרענסיסן. זי האט אים דערלאנגט א פאר ביכלעך, אים געהייסן לייענען מיט זיין כאַ־ ווער דעניין. וואס זיי וועלן ניט פארשטיין, זאלן זיי פארצייכענען מיט א בלייפעדער און זי וועט זיי דערקלערן. מיט פריידיקע פולע הערצער האבן זיי זיך צעשיידט. פון ווייטנס האבן זיך זייערע הענטלעך געפאכעט: „צום ווידערזען".

* * *

ליא האט יענע נאכט פריילעכער, מיט געהויבענע טענער, פארשפרייט די ציימונגען. איילט איר מענטשן, צעכאפט די בלע־ טער, ליא האט קיין צייט ניט. ער טראגט מיט זיך פולע בוזעמס מיט פרייד. באפרייט אים פון דער ארבעט שנעלער. ער וועט נאך פארלירן א פאר שיסלען שמייכל, וואס ער האט היינט איינגע־ אטעמט פון פרענסיסן.

פוי! אזוי שווער האט נאך ליא קיינמאל ניט געארבעט. עס דויערט אזא לאנגע צייט צו פארקויפן די בלעטער, קוים מיט צא־ רעס ארויסגעפארטיקט. ליא שטייט שוין אוןווארט אויף דעניין. ער כאפט א קוק אויפן זייגער און צעשמייכלט זיך: „איינגעיאגט א גאנצע שטונדע".

איצט וועט ער דארפן ווארטן אזוי פיל צייט אויף דעניין.

„שא", האט ער זיך געגעבן א קלאפ אין שטערן, פארטריבן א מאכנע געדאנקען און ארויסגערופן אנדערע, ער וועט זיך צוזעצן אויף דער באנק און אריינקוקן אין פרענסיסעס ביכלעך.

ליא האט ארויסגענומען א בלייפעדער און אונטערגעשטראכן דאס ווארט „מערווערט" און די ווייטערדיקע שורע. ס'איז פאר אים ניט געווען קלאר. ער וועט פרעגן פרענסיסן.

ער האט גענומען א צווייטן ביכל. דארט איז עס שוין גלאטי־ קער: א מייסע מיט א קוילן־גרעבער. ער האט אלע יארן געארבעט אין די שאכטעס, אז ער איז אלט געווארן, האט אים דער באלעבאס ארויסגעווארפן. האט ער אזוי לאנג געבעטלט, נעדאוועס און זיך געוואלגערט אין די גאסן, ביז ער איז א הונגעריקער אוועקגע־ שטארבן אין א פארק.

לעבן דעם טויטן איז געזעסן זיין כאווער דזשאן, אן אלטער שלאסער, וואס איז אויך ארויסגעווארפן געווארן פון פאבריק. האט ער שטיל אריינגעזאגט אין יענעמס טויטע אויערן: „אזוי איז אונדזער סאף אין דער גאלדענער אמעריקע".

ליאַ האָט זיך דערמאָנט אָן יענעם שיקערן מאַן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אינמיטן גאַס און אַ פּאָליסמאַן האָט אים געזידלט און געשלאָגן.

„ליאַ, וואָס ביסטו אַזוי פּאַרטיפט אין ביכלעך, צום טייוול, שוין דריי מאָל געשריגן און ער הערט ניט", האָט אים דעני אַ טרייסל געטאָן.

ליאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט. זיך אַ ריר־געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעשלעפּט פון דער מייסע, אָנגענומען דעניז און אַוועק.

# אַ נייע וועלט

ליאַ ליגט מיט דעניין און דערציילט. דעני הערט אים ערנסט און פאַרטיפט אויס. ליאַ וואָלט אים וועלן זאָגן: „העיר שנעלער, דעני, דו פילסט ווי עס יאָגט פון מיר אַ נייער קוואַל? דאָס האָט פרענסיס געעפנט דאָרט אַ לעכל אין מיין נעשאָמע און עס פליסט".

אַ נאַכט און אַ טאָג און אַ נאַכט האָבן ביידע כאַוויירים גערעדט און געלייענט. זיי האָבן זיך געקראַצט הינטער די אויערן, גע־גראָבן מיט די גראָבע פינגער אין דער לופט, איי‌ניקע שווערע ווערטער האָבן זיי דאָך פאַרשטאַנען. נאָר אַנדערע לאַנגע אַרשי־נעגדיקע ווערטער זיינען געהאַנגען אויף זייערע ליפן און געוואַרט אויף פרענסיסן.

* * *

זונטיק. קראַטאָנאַ פאַרק איז געפאַקט. פאַרלעך, פירקעס, פינפקעס, שערענגעס יונגוואַרג שפאַצירן אַהין און אַהער, אַהער און אַהין. אַט לויפט אַ מאַשין, אַ וועלאָסיפעד, אַ מאָטאָרציקלעד. מיידלעך לאָזן אַרויס אַ קוויטש, גלייך מען פאָרט זיי איבער. און ווידער שליסן זיך די רייען. דער שפאַציר גייט ווייטער. פראָצעסיע־שפאַציר, אַהער און אַהין, אַהין און אַהער.

פון טייכל טראָגן זיך קוילעס. יוגנט שטיפט אויף שיפלעך מיט געזאַנג און געלעכטער. אַרום די ברעגן דרייען זיך פאַרליבטע פאַרלעך, זיי ווילן זיך אַוועקזעצן, די בענקלעך און די ביימער קענען נאָך אויסזאָגן זייערע סוידעס, זייערע זיסע כאַלוימעס, וואָס וועבן זיך און גייען אויף, ווי גראָז נאָך אַ ליבן רעגן.

אויף בענק זיצן עלטערע מענטשן. זיי רעדן זיך אויס די הערצער. זיי באַקלאָגן זיך אויף זייערע קינדער. זיי קרעכצן אויס זייערע ליידן אויף די עלטערע יאָרן, ווען מע דאַרף אָנקומען צו זין און טעכטער אויף קעסט.

ניט ווייט פון סאָדע־וואַסער שטיבל האָבן באַלמעלאָכעס אַרומגעשלאָסן פיר בענק, זיך אויסגעזעצט באַלעבאַטיש, און זיך דורכגעשמועסט מעקויעך באַר־זאַכן, וועגן יאַקרעס, וואָס האַלט

אין איין וואקסן, אביסעלע פאליטיק און גלאט היימעשע דייגעס.

אויפן „רוסישן בערגל" איז געווען טומעלדיק. מ'האט געלאכט און געזונגען, געפליעסקעט זיך און געטענצלט. איינער האט געהאלטן א רעדע. געענדיקט, האט מען אים געפאטשט בראווא און געזונגען א כאר־ליד. א צווייטער האט דערציילט א מייסע. אייניקע האבן זיך איבערגעווארפן מיט וויצן; דאס הוליעט דארט אויס די בראנקסער יוגנט איר פרילינג, איר זומער־לעבן אויפן בערגל.

בא דער זייט זיצן פרענסים, ליא און דעני. זי דערקלערט זיי די שווערע ווערטער, וואס זיי האבן פארצייכנט, באקאנט זיי מיט יונגווארג און לערנט זיי לידער.

ליא מיט דעניין זיינען גליקלעכע, איבערפולט מיט נייקייטן אין זייער לעבן. זי דערקלערט זיי די וויכטיקייט פון יעדן יונגן ארבעטער צו זיין באוואוסטזיניק. מ'דארף פארשטיין און פילן דעם קאמף פון ארבעטער קלאס. אט זעען זיי א יונגן באכער, ער שטעלט זיך אוועק, פארקאטשעט די ארבל און רעדט פאר פייער און פאר וואסער. זיי וואלטן דאס אויך געקענט. זי וועט זיי ברענגען אין זייערע קרייזן, וועלן זיי ווערן אנדערע מענטשן.

ליא מיט דעניין שטימען איין מיט צופרידנקייט. זיי רעדן אפ ווען זיך צו טרעפן. ליא נעמט בא איר א פאר ביכלעך און צייטונגען און זיי געזעגענען זיך.

* * *

דער מיטינג הויבט זיך ערשט אן האלב נאך אכט, אבער ליא מיט דעניין האבן זיך פארזיכטיק אריינגערוקט אין ארבעטער־זאל א פאר מינוטן פאר אכט. די הערצער האבן בא זיי שטארק געקלאפט, זיי האבן מוירע געהאט, אז זיי זאלן נאך כאלילע ניט פארשפעטיקן.

אין זאל איז קימאט נאך קיינער ניט געווען. אין א ווינקל איז געזעסן א באכער און געלייענט א צייטונג. צוויי כאווירים האבן בא א טישל אריינגעכאפט א פארטיע אין שאכמאט. דער כאווער אויפזעער האט אביסל צוגעקערט און צונויפגעשטעלט די בענק.

ליא מיט דעניין האבן זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק און זיך שטיל געשושקעט. זיי האבן געציטערט פאר די פרעמדע אויגן,

טאמער גייט ווער נאך צו און פרעגט זיי, וואס א שטייגער דארפן זיי, וואס ווען זיי ענטפערן?

ליא האט דערלאנגט דעניז א שטורכע אין דער זייט און א זאג געטאן:

— ער גייט צו אונדז.

דער אויפזעער האט זיך צוגעלאזט מיט א שמייכל:

— כאווירים, עפשער ווילט איר דערווייל עפעס לייענען? כאפט זיך אריין אין ביבליאטעק־צימערל.

דעני מיט ליאן האבן זיך איבערגעקוקט און איינגעשטימט. דער אויפזעער איז געגאנגען פריער מיט די שליסלען אין די הענט, און ליא מיט דעניז זיינען אים נאכגעגאנגען דערשראקענע.

אז זיי זיינען געבליבן זיצן אין צימערל אליין, האבן זיי זיך פריער איבערגעקוקט און צעשמייכלט, דערנאך האבן זיי איבערגעבליקט די נעמען פון די ביכער. אזוי פיל ביכער און ביכלעך זיינען געשטאנען אין די שאפעס, מיט פארשידנארטיקע מונדירע־לעך. אין א קליין שאפקעלע זענען געלעגן בראשורן, זשורנאלן און צייטונגען. זיי האבן באקומען דערעכערעץ פאר די טויטע ביכער, וואס האבן סוידעסדיק וועגן גרויסע מענטשן און וועלטן דערציילט, וואס ליגן אין זיי לעבעדיק באגראבן.

פון צווישן די זשורנאלן האט פאר זיי א שווינדל געטאן א שיין געמאלטער אנטי־רעליגיעזער בלאט אין פארשיידענע קאלירן. זיי האבן עם ערנסט און פארזיכטיק ארויסגעשלעפט, אויסגעשפרייט אויפן טיש און זיך ביידע אריינגעבויגן.

פרענסים האט שטיל געעפנט די טיר, זיי זאלן ניט הערן. זי האט באמערקט דורכן פענסטערל ווי זיי קוקן אריין אין „אפיקוירעס”, האט זי געשטראלט פון פרייד.

ווער איז אין יענעם מאמענט געווען גלייך צו איר?

צוויי יונגע ארבעטער ציט זי אריין אין קאמף, צוויי נעשאמעס האט זי באשאפן.

פרענסים האט זיי געוואלט פארשטעלן די אויגן מיט אירע הענט, זאלן זיי טרעפן ווער דאס איז. נאר אזוי ווי זי האט נאר צוויי הענטלעך, וועט זי ניט קענען. האט זי א געשריי געטאן מיט א געמאכטן קאעס: „וואס איז דא פאר א יוניע?”

ליא און דעני האבן זיך געגעבן א ווארף, ווי אין קאדאכעס, זייערע פענעמער זיינען געווארן בלאס און רויט. ערשט אז זיי

האָבן זיך אומגעקוקט, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ פרייד־געשריי: ,,פּרענסים!" און אַלע דריי האָבן זיך צעלאַכט.

זי האָט זיי דערקלערט די באַדייטונג פון די צייכנונגען. זי האָט זיי אויך געוויזן אַנדערע זשורנאַלן, געליִענט פאַר זיי און געגעבן צו פאַרשטיין.

ווי צוויי קינדערלעך פאַר אַ לערער, מיט געקניפּטע הענטלעך אונטערן טיש, זיינען די צוויי באַכירעמלעך געזעסן פאַר איר, זיך איינגעהערט מיט פאַנאַנדערגעבריטע אויערן, אַריינגעקוקט מיט פאַנאַנדער־געצויגענע אויגן.

פון זאַל האָט זיך דערטראָגן אַ קלאַפּ פון אַ העמערל און אַ קאָל פון אַ פאָרזיצער: ,,כאַווייִרים, פאַרנעמט אייערע פּלעצער". ליאַ און פּרענסים און דעני האָבן פאַרמאַכט די ביכלעך, פאַרמאַכט דעם צימער און אַריין אין זאַל.

אויף די בענק זיינען שוין געווען אויסגעזעצט עטלעכע צענד־ליק כאַווייִרים און כאַווערטעס. ווערטער און האַלבע זאַצן זיינען געפלויגן פון מויל צו מויל, ניט דערענדיקטע שמועסן. דער פאָר־זיצער האָט געקלאַפּט מיטן העמערל אַן טישל און זיך געבייזערט מיט אַ שמייכלדיקן בייזער. אַ פּאָר כאַווייִרים און כאַווערטעס האָבן נאָך אַלץ זייערע פּלעצער ניט פאַרנומען, זיי האָבן זיך קיין אייצע ניט געקענט געבן — צי דאָ, צי דאָרטן.

דער פאָרזיצער לייענט די טאָג־אָרדנונג. שטיל. אַ קעפּל ער־געץ גיט זיך אַ טרייסל. בײַ אַ כאַווערטע האָבן זיך די לאָקענעס פאַרפּלאָנטערט. אַ פלעמל פון אַ שוועבעלע צעפלאַטערט זיך. אַ פּאָר כאַווייִרים פאַררויכערן. די טיר גיט אַ סקריפּע. אַ פאַרשפּע־טיקטער כאַווער האָט זיך אַריינגעגאַנוועט.

עס רעדן כאַווייִרים און כאַווערטעס: איינער פאָכעט מיט די הענט אין דער לופטן בעשאַס ער רעדט, ווי ער וואָלט אונטער־טרייבן אַ מאַכנע געגנדן. אַ צווייטער מאַכט מיט דער רעכטער האַנט אַראָפּ און אַרויף, צום טאַקט פון וואָרט, ווי אַ האַמער איבער דער קאָוואַדלע. אַ דריטער כאַווער שפּאַצירט אַרום אַהין און אַהער, רעדט זייער געלאַסן, ווי מען פּליסט אויס אַ קינדער־מייסע־לע. אַ כאַווערטע גלעקלט אויס אַף גיך, שנעל־שנעל, זי וויל אַרויסקלינגען מיטן צינגל כאָטש דריי ווערטער מיט אַמאָל, נאָר עס גייט ניט, זי פאַרפּלאָנטערט זיך, ווערט רויט און צעשמייכלט זיך אַליין פאַר בושע. אַ לייכטער שמייכל קייקלט זיך דורך איבער

די ליפן פון די פארזאמלטע. דער פארזיצער דערלאנגט א קלעפל: „כאווײרים, ארדנונג, דאס װארט באלאנגט צו כאװערטע פרענסים". —

פרענסים רוקט זיך ארױס פון צװישן אירע צװײ כאװײרים. זי גײט א רואיקע, א שמײכלענדיקע צו דער פלאטפארמע. ליא און דעני בלײבן זיצן מיט אײנגעהאלטענע אטעמס. טיף אין זײערע נעשאמעס בעטן זײ א דערפאלג אין אירע װערטער.

זי האט גערעדט װעגן די אויפגאבן פון דער פארטײ. פון טאג־טעגלעכן קאמף, אלגעמײנער ארבעטער לאגע און פארענדיקט: „הײנט האב איך אײנגעשלאסן צװײ יונגע כאװײרים ארבעטער — ליא און דעני. איך האף, אז יעדער פון אײך װעט עס נעמען פאר א בײשפיל.

זאל לעבן די קאמוניסטישע יוגנט איבער דער גאנצער װעלט!"

א באשטראלטע, א באשײנטע האט זיך פרענסים צוריק געלאזט צו איר פלאץ, מיט איר פרײדעקן פאנעם, שמײכלענדיקע ליפן און פינקלדיקע אויגן.

ליא און דעני האבן זי אײנגעשלאסן מיט א באזונדער ליב־שאפט ענגער און פעסטער צו איר זיך געטוליעט, קײנער זאל זי בא זײ כאלילע ניט צוכאפן.

ליא און דעני און פרענסים זײנען אהײם געגאנגען פון מיטינג אין א געשלאסענעם דרײלינג. אונטער די ארמס האבן זײ גע־װארמט פראקלאמאציעס, בראשורן און ביכלעך.

* * *

ליא איז ארײן אין דער באװעגונג מיט ליב און לעבן. ער האט פארשפרײט פײערדיקע אויפרופן צװישן די ארבעטער, געהאלפן אנפירן מיט דער ביבליאטעק, געטאן שריפטפירערײ. אין אלע קאמיטעטן געװען דעלעגירט.

יעדע זאך האט ער דורכגעפירט מיט ליבע. ס'האבן זיך צו אים אנטפלעקט זײנע עלטערנס גײסטער. זײערע װערטער און אנזאגן האבן פאר זײנע אויגן געלױכטן און אים געפירט אויף זײערע װעגן.

ליא איז געװארן א בײשפיל פאר דער יוגנט. זײן ארבעט האט געדינט פאר א מוסטער פון קאמוניסטישער טעטיגקײט.

ער האט נאכגעשלעפט זײן כאװער דעני. דעני האט אויך

געהאט א גרויסן ווילן צו די פליכטן אין דער באוועגונג, אבער אים האבן געפעלט ליאס פייאיגקייטן.

דער דריילינג איז געגאנגען אזוי: פרענסיס טוט אלע ארבעטן מיט ליאן און דעניז און האט נאך מוט און כוצפע אוועקצושטעלן זיך און האלטן א קלינגענדיקע רעדע. ליא טוט אלע ארבעטן, נאר ער האט נאך מוירע צו נעמען א ווארט. ער פילט ווי עס ליגט אים אזוי קלאר אויף דער צונג, נאר די ליפן ציטערן זיך צו עפענען. ווען ער גיט אפ א באריכט, ווערט ער רויט און בלאס. זיין קער־פער הויבט אן צו ציטערן. ער האט זיך שוין עטלעכע מאל צוגע־האלטן מיט דער האנט באם טישל און בא זיך אפגעמאכט: „ליא, האלט זיך פעסט, באכער!” דאס איז אבער געהערט געווארן איידער ער טרעט ארויס. נאר אז דער פארזיצער דערלאנגט א קלעפל: „כאווער ליא וועט באריכטן פון קאמיטעט פאר ארבעטער פארטיי־דיקונג”, שפאצירט זיך איבער ליאס לייב א שוידערל אין שטעפט, שטעפט מיט הייסע נאדעלעד. זיין פאנעם ווערט ווי א בורעק, גלייך ווי אלע זיינע בלוטן וואלטן אפהאלטן דארטן א פארזאמלונג. זיין צונג פארטשעפעט זיך ערגעץ. און אז ער קריכט שוין ארויס פון באריכט און זעצט זיך אוועק, נעמט ער טאקע בימכילע ארויס א טיכעלע און ווישט דעם שוויים פון שטערן קיינער זאל ניט זען.

נאך פונדעסטוועגן טרייסט ער זיך, ער פילט, אז וואס אמאל ווערט ער רואיקער. ער וועט ווייזן פרענסיסן, אז ער קען אויך ארבעטן מיטן מויל.

און דעני האט שטיל געהאלפן אין דער באוועגונג. ער האט ליב געהאט פרענסיסן מיט ליאן און געקוקט אויף זיי מיט דערע־כערעץ.

ליא האט שוין אמאל איבערגעשפארט פרענסיסן אין א פראגראם פונקט, אין א טאקטישן מאניער. און פרענסיס האט געמוזט נעבעך מוידע זיין, אז ליא איז גערעכט.

ליא האט זיך געיאגט נאך פרענסיסן. ער איז געוואקסן אלץ העכער און העכער. זיינע אמטן האבן זיך אלע מאל געהויבן, אט־אט, ווערט ער שוין א פירער. אלע האבן אים ליב געהאט און פרענסיס מיט דעניז זיינען גאר צעשמאלצן געווארן פון פרייד.

די טעג פון וואל־קאמפאניעס האבן זיך דערנעענטערט. די קאמפארטיי האט קאנצענטרירט אלע אקטיווע מיטגלידער. ליא איז געווען צווישן זיי. עטלעכע אנפירער האבן אנגעווארפן די

לאזונגען פאר זיי, אנגעבלאזן די יונגען מיט מוט און צעלאזט אויף די ראגן פון די ארבעטער קווארטאלן.

ליאס הארץ האט שטארק געקלאפט און זיך געהוידלט, ווי די קייטלען פון א וואנט־זייגער. אויף דעם גאנצן וועג, פארנדיק צו זיין באשטימטן ראג, האט ער זיך געקריגט מיט פרענסיסן: זי דארף זיין די ערשטע רעהנעריז, און ער — דער צווייטער. זי האט געשמייכלט און אים אריינגעפינגערט אין מויל אריין, אז ער דארף זיין דער ערשטער. אויב ער וועט זיך עפעס ספיטיקען, וועט זי באלד ארויף און איבערנעמען דאס ווארט.

דעני האט פון זיי ביידע אנגעטייעט. ער האט זיי שטארק מעקאנע געווען און מיטגעשמייכלט. ער האט אויך געהאלטן, אז ליא דארף זיין דער ערשטער רעדנער.

ליא האט זיך ארויפגעהאפעט אויפן לייטערל. כאטש צוויי כאווירים און פרענסיס האבן צוגעהאלטן דאס לייטערל, האט זיך דאך ליאן אויסגעוויזן, אז עס שאקלט זיך.

די נאכט האט פארשטעלט דאס היפש ביסל רויטקייט, וואס האט זיך אנגעקליבן אויף ליאס פאנעם. ער האט זיך ארומגעקוקט. דער קליינער אוילעם איז ערשט בלויז באשטאנען פון קינדער און אייניקע דורכגייער, וואס שטעלן אריין זייער פוס, שטעקן אריין די נאז, גיבן א שמעק: „מיר ווייסן שוין" — מאכן זיי אוועק מיט דער האנט און איילן איילן לויפן זיי ווייטער.

דעני האט אנגעהויבן פארשפרייטן בלעטלעך און בראשורן. פרענסיס האט זיך אומגעקוקט צו א פאר כאווירים: אנהויבן? —

— יא, — האט זי באשלאסן.

און ליא האט זיך צעהוידלט. ער האט געקירעוועט זיין פא־נעם אהער און אהין. ער האט געוויגט זיין קערפער און געפאכט מיט די הענט אין דער לופטן. העכער, העכער האט זיך זיין שטי־מע געהויבן. ער רעדט אזוי קלאר און דייטלעך. ער ווייזט ביישפילן פון גאס. ער דערציילט מייסעלעך, וואס מאלן אויס לעבעדיק זיינע געדאנקען.

דער אוילעם ווערט ענגער און גרעסער, מע הערט זיך איין מיט אינטערעס צו זיינע ווערטער. ס'האבן דארשטיקע אויגן געטרונקען פון א קלאר קוואלעכל, וואס פליסט ארויס פון א יונג בערגל, וואס האט זיך אויפגעהויבן אויף א לייטערל צווישן הימל און ערד.

עס שטייט זיך אַ באַכערל, אַ בלאָנדער אויף אַ ראָג, מיט ברענענדיקע אויגן, פאַרקאַטשעטע אַרבל אין צעכראַסטעטן העמד. ער גראַבט און שויבערט מיט די פינגער זיין געדיכטן קאָפּ־האָר. ער הויבט זיך און הוידלט זיך. ער פאָכט מיט די הענט. ער דערציילט וועגן פאַרשאָטענע מענטשן אין מינעס, אין שאַכטעס, בלייכע געזיכטער אין פאַבריקן און שעפּער; די וואָס שאַפן אַלעס אין לעבן וואוינען אין קעלערס אויף אָרעמע גאַסן.

און ער זידט דאָס מיט ווערטער, אַזש די סלינע צעשפּילט זיך, און צאָרנט, און קאָכט זיך מיט טיינעס, וואָס שפּיזן, וואָס שטעכן אין הערצער, אין מוחעס, אין אויגן.

צעפּליעסקען זיך הענט, צעפינקלען זיך אויגן מיט פרייִדיקן ציטער.

פּרנסים האָט זיך פאַרוואונדערט פון ליאָס רעדן. דעני איז געשטאַנען אַ דערציטערטער. ער האָט געשלונגען זיינע ווערטער מיט גרויס פאַרגעניגן, מיט גרויסע לעפלען. באַוויירים האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז ליאָ פאַרמאָגט אַזאַ רעדנער קראַפט.

# וואַכעדיק און יאָנטעוודיק

אנגעלאָדן מיט צייטונגען און ביכלעך אין די הענט און ציטערדיקע סוידעס אין די הערצער, האָבן זיך ליאַ און פרענסיס אריינגעלאָזט אין קראָטאָנאַ פּאַרק.

דער פּאַרק איז געלעגן אַ זונטיק פרימאָרגנדיקער, דיביימער און די פעלזעלעך און דאָס טייכל האָבן זיך נאָך געריבן אויגן פון פאַרכאַלעמקייט. וואו־ניט־וואו, שיטערלעך, איז געזעסן אַ יונגער־מאַן און זומערדיק אריינגעגעניצט אין אַ צייטונג, אַ בוך אריין. אַ באָבע האָט געפירט אַן אייניקל אין אַ וויגל, דאָס וויגל איז זיך געפאָרן און די באָבע איז נאָכגעגאַנגען אַ פּאַרטראַכטע אין אירע אַלטע וועגן: „כ׳מיין, וואָס ווילן טאַקע די קינדער פון אירע אַלטע יאָרן, זי האָט ווייניק קינדער אויסגעהאָדעוועט?״

צוויי באָכערים האָבן שפּאַצירט און געפירט אַ הייסן וויקועך מיט די הענט. צוויי מיידלעך זיינען געזעסן אויף אַ באַנק און האָבן זיך געשושקעט מיט שמייכעלעך און זיך געפּעכט מיט די פינגער. אַ באָרדיקער איד האָט זיך ארומגעדרייט אויף אַ פרעמדער וועלט. ער האָט געגלעט זיין באָרד, אריינגעשטאָכן זיינע אויגן אין אירע האָר־שפּיצן און געוואָלט אפּאָנים באַווייזן אַ מוסטער פון בערדיקע אידן.

ליאַ מיט פרענסיסן האָבן געטראָטן שטיל אויף גראָזיקע, נאָך נישט אויסגעטראָטענע וועגן. קענטיק אַז זיי האָבן זיך פאַר־וועט ווער עס קען לענגער שווייגן.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צום „רוסישן בערגל״, אַ צענטראַלער פונקט פון דער ארום קראָטאָנאַ־פּאַרקער יוגנט. זיי האָבן זיך איינגעקניעט און שטילע, רואיקע זיך אוועקגעזעצט אויפן בערגל. זייערע הענט האָבן צייטונגען און ביכלעך צעבלעטערט. זייערע אויגן זיינען געשוואומען אין די יאַמען פון בוכשטאַבן, ווערטער, וואָס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע טאַנצנדיקע געדאַנקען אין זייערע יונגע מויכעס.

פרענסיס האָט שוין ניט געקענט אויסהאַלטן און זיך געווענדעט

צו ליאָן מיט אַ גלאַט־אַזוי־זיך פֿראַגע: „ליאָ, איר האָט געלייענט די דערציילונג „אויפֿן רוסישן־בערגל״?

„ניין — האָט ליאָ געענטפֿערט ערנסט — איר ווילט עפּעס פֿאַרלייענען?״

פֿרענסיס האָט געלייענט און ליאָ האָט זיך צוגעהערט. זי האָט דאָס מאָל געלייענט אויסערגעוויינלעך שיין. ליאָן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ביימער, די פֿעלזעלעך און די גראָזן הערן זיך אויך איין צו די ווערטער, וואָס לויפֿן אַרויס פֿון אירע ליפּן. ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף איר ביין־גריבעלע. פֿרענסיס האָט דערפֿילט זיין הייסן בליק, האָט זי העכער איר שטימע געהויבן. האָט זיך ליאָ אויפֿגעכאַפּט, אויסגעקירעוועט זיינע אויגן, אָנגעשטעלט זיינע אויערן און זיך איינגעהערט.

פֿרענסיס האָט אַוועקגענומען אירע אויגן פֿון ביכל און זיי אָנגעשטעלט אַנטקעגן ליאָן. ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דעם געלייענטן קאַפּיטל. איר איז זיין אָפּשאַצונג געפֿעלן געוואָרן.

ער דערמאָנט זיך אָן יענעם אָוונט, ווען זי האָט אים מיט דעניין ס׳ערשטע מאָל אַהער פֿאַרפֿירט. אַזוי פֿיל ציטערדיקע פֿרייד שוידערט דורך זיין לייב, אַז ער פֿאַנגט זיך אָזש אָן צו צאַפּלען. ער גליוועט איין זיינע אויגן אין איר און שווערט בײַ זיך אַפּ: „קיינער וועט אים ניט קענען אָפּשיידן פֿון פֿרענסיסן. נאָר דער טויט״.

ליאָ האָט זיך פֿאַרטראַכט: וואָס האָט ער זיך אַריינגעלאָזט מיט פֿרענסיסן אין אַ שמועס וועגן ליטעראַטור, ער האָט דאָך עפּעס מיט זיך געטראָגן אָן אויסגעהייליקטן באַשלוס, איז ער עס אַזוי אומוטיק דאָס אַרויסצוברייענגען?

פֿאַר אַוילעמס מיט אַרבעטער קען ער ריידן מיט אַזאַ הויכער און פֿעסטער שטימע און פֿאַר איר האָט ער מוירע?

לאָמיר נאָך אַ ביסל וואַרטן, באַכער, לאָמיר דערזען דעם צוגעגרייטן אויפֿנעם־מאָמענט אין פֿרענסיס׳ אויגן.

פֿרענסיס האָט געשוועבט מיט אירע אויגן איבער די בלעטער און אַזוי זיך אַרויסגעלאָזט אַ פּאָר ווערטער: „וואָס אַ שטייגער טראַכט איצט ליאָ, אַ שיין מיסעלע?״

— איך קלער, צי וואָלט ניט געווען קיין פּלאַן מיר זאָלן זיך אַריינכאַפּן ערגעץ עפּעס אָפּעסן און דערנאָך זיך דורכשפּאַצירן

אין בראָנקס פּאַרק. דאָרטן איז דאָס וואַסער גרעסער, קען מען זיך שיפלען, — האָט ליאַ זיך געגלעט די האָר.

— גייט עס, — האָט פרענסים איינגעשטימט.

זיי האָבן די ביכלעך און צייטונגען געבראַכט אין אָרדנונג און זיך געלאָזט אויפן וועג צו סאַוטערן בולוואַרד.

* * *

אין בראָנקס פּאַרק איז געווען זשומענדיק און גראָגערדיק א קאַרניוואַל פון ניו־יאָרקער באַשעפענישן האָט זיך געווירבלט. די אָרעמע באַפעלקערונג האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אירע פּאַר־שטיקטע הייזער אַריינצואָטעמען עטלעכע פּעק פרישע לופט, שפּיגלען זיך אין גראָז. אין ביימער און וואַסער, אַריינשלינגען עטלעכע סנאַפּעס זון־שטראַלן, וואָס וואַלגערן זיך אַזוי פיל אין פּאַרק, — צו האָבן פון וואָס צו רעדן אין די מידע שאָען פון די וואָכעדיקע טעג.

פאַרשיידענע מאַסן פון פעלקער און ראַסן האָבן אַרומגעשפּאַ־צירט, מיט ווייבער און קינדער און קינדס־קינדער. געקייט ניסלעך און שטאַשקעס און זערנעס. אויף אַלערליי שפּראַכן און דיאַלעקטן אָפּגעלאַכט פון די פאַרשפּאַרטע כאַיעס, בעהיימעס און אויפעס, וואָס די רייכע ציוויליזירטע ניו־יאָרק האָט צענויפגעבראַכט פון אַלע עקן וועלט און זיי אַוועקגעשטעלט פאַרן מענטשלעכן באַקוק.

די שטאָט דערלאַנגט אַ ציניש זונטיק־שמייכל: „אָט זעט, איר פרעמד־געבוירענע, אַמעריקע איז א פרייע מעדינע. איר קענט קומען אין מיינע פּאַרקן און האָבן פאַרגעניגן, כאַ־כאַ־כאַ״.

פרענסיס און ליאַ האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן אַלעמען. אַלע מאָל באַטראַכט אַ טיפ און אים אַרומגעשמועסט. געכאַפּט א קוק אויף אַ כאַיע און ווייטער געגאַנגען.

„די העלפאַנטן, בערן, לייבן, פוקסן און מאַלפּעס זיינען טאַקע פאַרשפּאַרט, אָבער זיי דאַרפן כאָטש ניט האָרעווען שווער אויפן עסן, מען טראָגט זיי נאָך צו די שפּייז״ — האָט ליאַ באַמערקט.

„אָט דאָ איז די זומער־וואַקאַציע פון דער אָרעמער באַפעל־קערונג. זונטיקדיקער שפּאַציר אין בראָנקס פּאַרק. די רייכע און פאַרמעגלעכע ניו־יאָרקער באַפעלקערונג געפינט זיך איצט אין די שיינע האָטעלן צווישן די בערג, אין קילע שמעקנדיקע ערטער און זומער־פּלעצער. זיי זיינען געפאָרן אויף „פּלעזשור״ צו בראָטן

און בריען זייערע פעטע ליבער" — האט פרענסים געביסן אירע ליפן.

פון אונטער־צווישן די ביימער האט זיך ארויסגערוקט די נאכט. האבן זיידעס און באבעס, מאמעס און טאטעס מיט זייער קליינוואַרג, זיך אפגעזעגנט מיטן פארק און אוועקגעלאזט אהיים.

גאנצע פעק מענטשן, מאכנעסוויין, האבן זיך אוועקגעטראגן אויף אייגענע פיס. א טייל האט זיך ארויפגעכאפט אויף טראמ־ווייען און היימעשע וועגענער פון אייז און פון פרוכטן. אייניקע האבן זיך אוועקגעגליטשט אויף אייגענע אטאמאבילעכלעך, „פאר־דילעך" און געדונגענע מאשינען.

אבער די יונגוואַרג האט זיך אויסגעלאכט פון דעם אלטוואַרג, וואס האט זיך דערשראקן פאר דער נאכט. זיי האבן כוצפעש גע־לאכט און געזונגען און געשפילט זיך אין אזא ליבע־שפיל, אונטער ביימלעך, אויף פעלזלעך, אויף בערגלעך און אויף שוועבנדע שיפלעך.

ליא און פרענסים זענען געזעסן שטיל אין א שיפל און געפירט א שווייגענדיקן שמועס. זיי זיינען פארטיפט געווען אין זייערע גרויסע ברייטע וועלטן. ס'האט אויסגעקוקט, אז ליא וויל דאס אומיסטן אזוי אריינפירן און ארויספירן שטיל די רידער, זיי זאלן ניט צעשטערן דאס געוועב פון אירע געדאנקען. פרענסים האט פאוואלענקע ארויסגעלאזט רעדעלעך רויך פון איר מויל, וואס האבן זיך ארויפגעקייקלט צו יענעם שעלמעשן שטערן, אט־א־דארט־א, אויפן מירעוו־ברעג פון הימל, וואס פינטלט אזוי מאמזע־רעש צו איר מיט אן אייגל.

פלוצים האט פרענסים אוועקגעווארפן דעם פאפיראס און זיך אויפגעהויבן מיט א באשלוס: „ליא, זעצט זיך אויף מיין פלאץ. איך וויל שיפן. איר פירט די רידער אזוי שטיל, גלייך ווי איר האט מוירע פארן וואסער".

ליא האט זיך געוויטלט אין דער נאכט אריין. נאר קיינער האט דאך ניט געזען: „איר ווייסט אליין, אז איך בין א גוטער שיפער. ס'איז א מאמענט אזא בא מיר, א שטילער. נאר אויב שוין יא אזוי, פרענסים, וועלן מיר זיך פארוועטן ווער עס וועט שטארקער שלעפן".

און זיי האבן זיך ביידע אויף איין געזעס צוזאמענגעשטופט, זיך צעטיילט מיט די רידער און געגראבן דאס וואסער האסטיק.

דאָס שיפל האָט זיך געטראָגן, ווי אַ טייוול, און איבערגעלאָזט אונטער זיך ברויזנדיקע כוואַליעס. ליאַ האָט געשלעפּט שטאַרקער, האָט דאָס שיפל זיך געקירעוועט אין אַ זייט. פרענסיס האָט זיך אָנגעבלאָזן מיט אַלע קרעפטן און געגעבן עטלעכע איבערקוליעכדיקע שלעפּ, האָט זיך דאָס שיפל פאַרדרייט אין אַ צווייטער זייט.

לאַנג האָט דער פּאַרוועט, דער שטילער קאַמף, ניט אָנגעהאַלטן. פרענסיס האָט אָפּגעלאָזט דעם רודער, צוגעדעקט מיט די הענט איר פּנים, פאַרבאַהאַלטן איר בושע, און שווער געאָטעמט. דאָס האַרץ האָט איר שטאַרק געקלאַפּט: „יאָ, ליאַ, איר זענט שטאַרקער. איך גיב זיך אונטער".

ליאַ האָט זיך צעשמייכלט, אַביסל שטאָלצער געוואָרן:

„אָ, ניין פרענסיס, מיר זיינען ביידע שטאַרק. לאָמיר צוזאַמען פירן דאָס שיפל. לאָמיר צוזאַמען שלעפּן די שיף פון לעבן".

„אָ, ליאַ, צו וואָס אַזעלכע רייד. איך וויל נאָך זיין פריי. איך וויל זיך ניט פאַרבינדן. מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיך געלערנט פיינט צו האָבן קייטן, אַפילו גאָלדענע", האָט פרענסיס אַרויסגעלאָזט ווערטער, שטיל. און טיף אין האַרצן האָט זיך איר געבענקט נאָך ליבע.

* * *

אין די אַרבעטער צייטונגען האָבן זיך געקעסטלט אַנאָנסלעך, פּראָלעטאַרישע מאַזעלטאָווס. אָפּטיילונגען פון דער פּאַרטיי, יוגנט־ליג, קלובן און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַגריסט דעם בונד פון ליאָן מיט פרענסיסן.

אירע עלטערן האָבן אָוועקגעשטעלט מיט גרויסע בוכשטאַבן:

„מיר באַגריסן אונדזער טאָכטער, פרענסיס, צו איר פאַרבינדונג מיט כאַווער ליאַ מירטין. זאָלן זיי צוזאַמען פעסטער פירן דעם גערעכטן קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס

ליב און ריישל מאָריסאָן".

אין פרענסיס' הויז איז געווען לעבעדיק און פריילעך. אַ בעוורע מיידלעך, כאַווערטעס, האָבן אויסגעצירט די הויז. רויטע סטענגעס, אויסגעשניטענע שפּיצן פון רויטן פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, פאַנעלעך אויף דינע שטריקלעך, האָבן געהאַנגען איבער די קעפּ, וואָס האָבן באַ יעדן מענטשלעכן ריר אָנגעמאַכט אַ זיידענעם גערויש.

מארקס און ענגעלס, לענין און אנדערע האבן אראפגעשמייכלט פון דער וואנט. זיי האבן אויך האנאע געהאט פון דער פראלעטא־רעשער כאסענע.

אייניקע כאווירים האבן זיך פארגרימירט פאר ראבאנים, גאלאכים און כאזאנים. אנדערע האבן זיך אויסגעקלײדט ווי גראפן און לארדן, אין געשטייפטע העמדער און אנגעצויגענע „סמאקינגס".

פרענסים האט זיך ארייגעשלייערט אין א גריליאנדרע. ליא האט זיך געקאפאטעוועט. און מען האט דורכגעפירט א כאסנקע־לע קעדאם מוישע וועיעזוס.

דעני א פארפוצטער, א הויפט־מעכוטן, האט ארומגעשפאצירט צווישן די געסט, פארשיקערט פון פרייד, וואס זיינע בעסטע פריינט עפענען א ניי קאפיטל אין זייער לעבן.

ביז שפעט אין דער נאכט האט מען געהוליעט. מען האט געזונגען. אויסגעטענצלט ווי נאר א קאדריל, א שער, א פריילעכס. דער הויפט־מעכוטן, לייב, האט אפגעהאפקעט עטלעכע „קאזאטש־קעס", וואס ער האט זיך דערמאנט פון זיינע יונגע יארן אין זיין געבורט־לאנד, אוקראינע.

און פארטאג האבן זיך בעוורע ארויסגעלאזט אויף די גאסן האלב־שיקערע, מידע. זיי זיינען אוועק גלייך צו דער ארבעט. אין די שפעטער וועלן דערציילן זייערע כאווירים פון דער סימכע. שוין לאנג אזעלכעס ניט בייגעוועזן.

* * *

הייסט עס, אז די רעוואלוציאנערע מישפאכע פון לייב מארי־סאן האט זיך פארגרעסערט. ליא האט זיך געפילט ווי אן אייגן קינד אין הויז. ער האט געהאלפן לייבן אין זיין סעקרעטארעשער ארבעט פון ארבעטער ארגאניזאציעס.

שיין איז געווען צוצוקוקן, ווען לייב און ריישל, פרענסים און ליא האבן דאס צושיקט פיר הונדערט עטלעכע און אכציק בריוו צו אן אויסערגעוויינלעכער פארזאמלונג: לייב האט צוגעשריבן דעם דאטום און די טאג־ארדנונג; ריישל האט די בריוולעך אייגגע־קנייטשט אין א זעקסט־ביילעך און אריינגעלייגט אין קאנווערט; פרענסים האט פארקלעפט און ליא האט ארויפגעקלעפט מארקעס.

געוויינטלעד זיינען דערביי ארומגעפליגן וויצלעך און שפיצ־

לעד און שפּריך־ווערטלעך איבערן טיש, אונטערצוהאַלטן די קאָמפּאַניע. און אַז באַ ליבן האָט זיך די פּען ספּאַטיקעט און געמאַכט אַ קלעק ערגעץ, האָט מען אויסגעלאַכט דעם טאַטן. און אַז ריישלען האָט זיך דער בויגן פֿאַרבויגן אין אַ קרומעניש, און אַז ער האָט באַדאַרפֿט אַריין אין קאַנווערט, האָט ער זיך, דער בויגן, פֿאַרטשעפּעט באַ אַ פּיסל, האָט זיך דער קאָנווערט אויפגע־ריסן מיט אַזאַ שפּאַטישן ראַש, אַז ריישל איז מאַמעש רויט געוואָרן. האָט מען עס אויסגעלאַכט דער מאַמען מיט קלינגענדיקן געלעכטער.

גיט זיך פרענסים אַ פאַרקוק אויף ליאַן, וואַרפט אַריבער אַ וואָרט צו די עלטערן, כאַפּט זי דערווייל אין מויל אַריין די פינגער, וואָס זיינען איינגעטונקען אין גומעראַבעקע. נו, נו, ווערט איר עס אַ ביסל ביטער די צונג, דער גומען, די ליפּן, הויבט זי אָן צו שפּייען און צו כראַקען. צעהוידלען זיך אַזש אַלע פון געלעכטער און ליאַ פאַרקייכט זיך העכער פון אַלע.

פאַרשטייט זיך, אַז פרענסים ווערט אין קאַעס. און באַ זיך, דאָרטן אין מויעכל, טראַכט זי זיך: „וואָרט אויס, באַכער, איך וועל דיר באַלד אָפּטאָן אַ שפּיצל, אַז דו וועסט זיך אַזש קראַצן". און אָט אַזוי אַ, מיט געניווועשע קוקעלעך, דערטאַפּט זי דעם מאָמענט ווען ליאַ פאַרקוקט זיך און ענטפערט עפּעס ליבן, גיט זי אַ רוק אַוועק דעם קאָנווערט און שטעלט אים אונטער דאָס גומע־ראַבעקע־טעלערל מיטן גראָבן סלופּעלע, וואָס דרייט זיך. דערלאַנגט ער אַ זעץ מיט דער האַנט, כאַפּט ער דעם עמעסן קלאַפּ, און קלעפּט זיך אַזש צו די פינגער, ווערט ער שוין אין קאַעס, און פרענסים טענצלט אַזש אונטער פאַר פרייד.

ס'קומען אָן כאַווירים, היימעשע, שכיינעשע געסט. מען אַמפּערט זיך איבער פּאַליטישע פּראָגעס באַ אַ גלעזל טיי. לייב ווייזט אָן מיט זיכערקייט און מיט פאַקטן, אַז די נעקסטע רעוואָ־לוציע וועט פאָרקומען אין פראַנקרייך. כאַווער פינטשעק, אַ היציקער, וואָס ווערט באַלד רויט ווי אַ בורעק, אויב עמיצער וויל אים איבערשפּאַרן, האַלט נאָר פאַר ענגלאַנד: „דער ענגלישער אַרבעטער־קלאַס יאַכלט שוין די מעלאָכע. אַ סימען — דער גע־נעראַל סטרייק."

— וואָס טויג מיר אייערע קריגערייען, — כאַפּט כאַווער מיכלים אַ זיכערן, רואיקן זופּ פון דער טיי. — דער דייטשער

ארבעטער־קלאס האלט שוין בא פופצן מינוט צו צוועלף. רוקט זיך נאר דאס ווייזערל — האבן מיר דארטן א רעוואלוציעלע מיט טשאק און קנאק. און אט אזוי א וועלן זיך די אייזערנע הענט פון רוסלאנד און דייטשלאנד שליסן. פארשטייט זיך, אז פוילן און ליטע וועלן שוין נאכבאמקען.

באוועך פינטשעק ווערט אין קאעס:

— וואס הייסט, א מענטש זאל ריידן אזוי רואיק „רעוואלו־ציעלע, רעוואלוציעלע”. ערנסטער קענסטו ניט ריידן, ס'שטעקט נאך ארויס פון דיין קאלנער דער ווילנער יעשיווע־באכער.

פאר גרויס טומל האט זיך א גלעזל טיי דערשראקן. ס'האט זיך פארטשעפעט אן קנעפל פון פינטשעקס ארבל און זיך איבערגע־קערט, אויסגעגאסן, נעבעך, איבערן גאנצן טיש. די פארע האט זיך ארויסגעכאפט און אוועקגעפלויגן. ריישל האט דערכאפט דאס גלאז, וואס האט שוין געהאלטן באם אראפקייקלען זיך פון טיש, באם עק פון איר וועלט. זי האט עס אוועקגעשטעלט און אפגע־ווישט דעם טיש.

לייב האט געבראכט דעם שאכמאט:

— הע, ברידערלעך, ס'וועט נאך געווינ קארבאנעס קאסטן אונדזער קלאס ביז מיר וועלן זיך באפרייען. נו, פינטשעק, לאמיר כאפן א שאך. א גוטער רעוואלוציאנער, דארף קענען גוט שאך שפילן.

# אין געקייטלטע רייען

די קליידער־מאַכער יוניאָן שטייט שוין אין סטרייק די זעקסטע וואָך. פּרענסים, ליאַ און דעני טומלען זיך. זיי שלאָפן גיט און עסן ניט. ניטאָ קיין צייט. דאָ דאַרף מען האַלטן אַ רעדע, אַריינבלאָזן מוט די סטרייקער; דאָרטן דאַרף מען האַלטן אַן עקסטרע זיצונג פונעם קאָמיטעט. מען דאַרף אויסהערן באַריכטן פון פאַרשידענע קאָמיטעטן. ד י אַרבעטער אַרויסגעבן הילף, י ע נ ע אַרבעטער שיקן אויף דער פּיקעט־ליניע צו היטן די סקעב־שעפּער.

ליאַ האָט זיך שוין אויסגעלערנט צו פירן פּאָליטיק, אַז די באַלעבאַטים רופן צו אַ קאָנפערענץ, מוז מען דאַן קומען. פון איין זייט שמייכלען די קאַפּיטאַליסטן צו די פירער פון סטרייק, און פון דער צווייטער זייט שיקן זיי אָן די פּאָליציי און שלעגער צו שטערן דעם סטרייק, אַרעסטירן און שלאָגן סטרייקערס.

דער אויספירראַט פונם סטרייק־קאָמיטעט ליקנט אָפּ אַלע ביזוויליקע ליגנס. גיט אַרויס קלאָרע דערקלערונגען אין דער אַרבעטער פּרעסע און באַזונדערע אויפרופן צו דעמאָנסטראַציעס.

מאָנטיק פאַרטאָג האָבן די אונטערערדישע און איבערדעכער־דיקע באַנען אָנגעבראַכט מאסן סטרייקערס צום אָפיס פון דער יוניאָן. דער גענעראַל־סטרייק־קאָמיטעט האָט גערופן די אַרבעטער אין די רייען, צו ווייזן די סאָנים זייער קראַפט. אין די צוואַנציקער גאַסן האָט גערוישעט. טויזנטער קעפּ האָבן זיך געהוידעט און גע־שפּיגלט אין די שטראַלן פון דער זון.

די זון האָט זיך גערוקט באַ די ווענט און פענצטער פון די שעפּער און זיך געכידעשט: „עפּעס שטיל דאָרטן״. האָט זי אַריינגעשיקט אין אַ שאָפּ אַריין עטלעכע שטראַלן אויסצושפּיאָ־נירן, האָבן זיך די שטראַלן געוויגט אויף פאַריאָסעמטע ניי־מאַשי־

נען, אויף פּאַרלאָזענע פּרעס־טישן, אויף ליידיקע קוישן און פיגורן.

„מיר רוען זיך אויס די ביינדעלעך", האָט אַ פיגור זיך אַ טרייסל געטאָן. ס'האָט די שוואַרצע קאַץ זיך מיט איר אַ שפּיל געגעבן. זי פילט זיך אַזוי פריי אין שאַפּ, אַ גאַנצן טאָג לויפט זי אַרום, שפּאַצירט זיך, באַלעקט זיך און וואַרעמט זיך אַנטקעגן דער זון, און קיינער טשעפּעט זי ניט.

אַ שטראַל האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אָפיס: אַ גראָב־בייכיק פאַרשווינדל, דער באַלעבאָס אַוואַדע, איז אַרומגעלאָפן פון ווינקל צו ווינקל, ווי אַ געדרייטער. ער האָט געפּאַכעט מיט די הענט און געמאָלן מיט די ליפּן, ווי אַ גייענדיקע ווינט־מיל. ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט, אַ רייב געטאָן אַ שוועבעלע, פאַררויכערט און ווייטער געיאָגט דעם אייגענעם שאָטן.

בײַ אַ שרייב־מאַשינדל איז געזעסן אַ מיידל. מיטן מויל האָט זי געמאַלעוועט „טשואינגגאַם". אירע אויגן האָבן געוואַנקען צו די בוכשטאַב־שטענגלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעבריסטלט, ווי ערנסטע סאָלדאַטיקלעך, גרייט אָפּצושטעלן זיך אויפן ווייסן בויגן פּאַפּיר, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטערן וואַלץ פון דער שרייב־מאַשינקע פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשטעקט אַ שמאָלער פּאַס, ווי איינער רעדט: נאַ, שלאָג, אָבער מיט ראַכמאָנעס . . .

זי האָט צעביטן דעם באַלעבאָס אַ קוק אויף אירע עטלעכע בליקעלעך, אַריינגעכאַפּט אין אויער אַריין עטלעכע ווערטער און זייי צעקייט. מיט אַ בלייפעדער האָט זי געגעבן אַ פאַרצייכן: איקס, מיקס, דריקס. זי האָט געגעבן אַ שנאָרכע מיט דער נאָז: פּאַרטיק, פּאַרן מיר, הויסט עס. און די פינגערלעך אירע האָבן אָנגעהויבן אויסקאַדרילעווען, אויסטענצלען אויף די בוכשטאַבן: טי, די די די, טאַק־טאַק, טי די טאַק, טאַק־טוק, טוק־טאַק, טי די די די.

„זע נאָר זע, העלען, ווי די סמאַרקאַטשעס מאַרשירן דאָרט מיט מוזיק", האָט דער באַלעבאָס צוגערופן דאָס מיידל צום פענסטער. דאָס מיידל האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. זי איז צוגעשפּרונגען

א פארצאפלטע און א פאטש געטאן מיט די הענט: „דזשי, וויפיל מענטשן"!

אויף דער ברייטער עוועניו האט זיך געצויגן אן אומענדלעכע פראצעסיע פון סטרייקערס. די מוזיק האט געשפילט. לידער האבן געהילכט. קאפעליושן און טיכלעך האבן געשוועבט און געפלא־טערט. רויטע קווייטעלעך, לענטעלעך, סטענגעס און בלוזקעלעך האבן זיך אריינגעשניטן אין די אויגן. ווייסע פלאקאטן מיט פייערדיקע בוכשטאבן האבן געשוועבט אין דער לופטן פאר די מאכנעס, ווי פייערדיקע זיילן. די ווערטער פון די אויפשריפטן האבן גערופן צו ארבעטער־סאלידאריטעט, צום קאמף קעגן דעם קאפיטאליסטישן קלאס, קעגן פאררעטער און פארפירער.

רייען און רייען געקייטלטע הענט. צווישן זיי שפאנען ליא, פרענסים און העני מיט שטאלצע פריידיקע טריט צו א זיכערן זיג.

פארפלייצטע גאסן, מאסן, מאסן. זוענט, לעבעדיקע ווענט טראגן זיך איבער שטאטישע וועגן. די בויער פון דער וועלט, די שאפער פון אלעס זיינען ארויס צו פאדערן גערעכטיקייט.

# דערשינענע ביכער

פון

# שלוימע דאווידמאן

1. ערשטע טריט.
2. ווען הערצער ברענען.
3. געקניפטע רייטלעך.
4. בענקעניש.
5. די מילכאמע אין ניו־יארק.
6. אונדזערע קינדער.
7. אונדזער פארשטעלונג.
8. פיאנערן.
9. דער פאבריק קוימען סטרייקט.
10. דאס ערשטע נעגערל.
11. כאווער לעניו האט געזאגט.
12. בירא־בידזשאן.
13. מאטעלע פון דארף „איקאר" און כאווער לעניו.
14. איציק שפיציק.
15. דער פיאנער איציק מיטן שפיצל.
16. איציק דער פיאנער.

